# דער יוד

DER JUDE

צייטשריפט

## פיר אלע יודישע אינטערעסען.

ערשיינט יעדע וואך.

פערלאג: חברה „אחיאסף.“

אבאנאמענטס פרייז יאהרליך:
אסטרייך-אונגארן —.12 קראנען
האלביאהריג —.6 „
פירטעליאהריג —.3 „
דייטשלאנד —.10 מארק.
ארץ ישראל —.12 פראנק.
אנדערע לענדער —.15 „
אמעריקא, ענגלאנד —.10 שילינג

פרייז פון מודעות (אנצייגען):
פיר יעדער קליינע שורה פעטיט 20 העללער, 25 פפעניג, 10 קאפ.

דער פרייז פיר רוסלאנד:
גאנץ יאהרליך —.5 רובל.
האלב יאהרליך —.3
פירטעל יאהרליך 1.50
מען קען אויך אויסצאהלען אין 3 ראטען:
ביים אבאנירען — 2 רובל
דען 1טען אפריל — 2 „
דע 1טען אויגוסט — 1 „
איינצעלנע נומערן 15 קאפ. — 30 העללער.
ענדערן די אדרעס קאסט 20 קאפ.

קראקויא, אייר תרס"א. | נומער 20. | Krakau, 16 Mai 1901.


ה. תרס"א — וואכען-קאלענדער (לוח) — 1901

| די טעג פון חודש | וואך | אייר מאי־מאי | | נייער ס. מאי | אלט. ס. מאי |
|---|---|---|---|---|---|
| א' | זונטאג | ראש חדש. | | 19 | 6 |
| ב' | מאנטאג | | | 20 | 7 |
| ג' | דינסטאג | | | 21 | 8 |
| ד' | מיטוואך | ג' ימי הגבלה. | | 22 | 9 |
| ה' | דאנערס. | ערב שבועות. | | 23 | 10 |
| ו' | פרייטאג | א' דשבועות. | | 24 | 11 |
| ז' | שבת | ב' דשבועות. | | 25 | 12 |

| טאג | יאהר | קורצע פערצייכנונגען פון דער יודישער געשיכטע. |
|---|---|---|
| כ"ג | ד. תתנ"ו | 800 יודען האבען זיך זעלבסט אומגעבראכט עקדה"ש אין וואָרמס. |
| „ | ה. א' | געהרג'עט פיעל יודען אין פראנקפורט. |
| ב | ה. קצ"ת | האט קיסר אלברעכט צוריקגעגעבען יודען די פריהערע רעכטע. |
| ג | ד. התנ"ו | האבען די .I קרייצפאהרער געהרג'ט 1300 יודען אין מאינץ. |
| „ | ה. רמ"ו | פערברענט אין טאלעדא 750 אנוסים. |
| ד | ה תקמ"א | האט יאזעף .II פון עסטרייך יודען געגעבען בירגעררעכט. |
| ה | ה. תפ"ח | פערברענט עקדה"ש האחים ר' חיים ור' יהושע רייצעס אין לבוב. |
| ו | ד. התנ"ו | האבען די קרייצפאהרער בערויבט די יודען אין קעלן. |
| „ | ה. ש' | האט פאפסט פויל .III פערבאטען עלילת דם. |
| „ | ה. תקי"ט | געשטארבען ה ר ישראל בעל שם טוב. |
| ז | ה. תק"נ | געהרג'ט אין הוראדנא עקדה"ש ה"ר אליעזר מווערבלאוו. |

אינהאלט.




צו אבאנירען:

אין קראקא:
Administration „DER JUDE“, Krakau, Gertrudy 16.

אין ווארשא:
Verlag „Achiasaf“, Warschau, Postkiste Nr 25, mündlich: Twarda 6, Thür 4.

אין וויען:
E. Torczyner, Wien II. Krumbaumg. I.

אין לאדז: ביי אונזערעס פערטרעטער:
S. Hochberg, Lodž, Cegielnianastr. 36.

דער „יוד“ איז אויך איינגעטראגען אין דער צייטונגספרייזליסטע דער ק. ק. עסטרייכישען פאסט אונטער דער נומער: 1920 a Nachtrag VII.

III. Jahrgang. **DER JUDE.** Nr. 20

דער פרייז פיר רוססלאנד:
גאנץ-יאהרליך —.5 רוביל.
האלב-יאהרליך —.3 רוביל.
פירטעל-יאהרליך 1.50 רוביל.
מען קען אויך אויסצאהלען אין 3 ראטען:
ביים אבאנירען — 2 רוביל
דען 1טען אפריל — 2 "
דען 1טען אויגוסט — 1 "

ענדערען די אדרעססע קאסט 20 קאפ.

# דער יוד

צייטשריפט
פיר אלע יודישע אינטערעסען.
ערשיינט יעדע וואָך.
פערלאג: חברת „אחיאסף".

אבאנאמענטס פרייז יאהרליך:
אסטרייך-אונגארן —.12 קראנען.
האלביאהריג —.6 "
פירטעליאהריג —.3 "
דייטשלאנד —.10 מארק.
ארץ ישראל —.12 פראנק.
אנדערע לענדער —.15 "
אמעריקא, ענגלאנד —.10 שילינג.

פרייז פון מודעות (אנצייגען):
פיר יעדע קליינע שורה פעטיט 20 העלער, 25 פפעניג, 10 קאפ.

Erscheint Donnerstag.

Krakau, 16 Mai 1901. נומער 20. קראקויא, אייר תרס"א.

## צום 5 טען קאנגרעס.

### III.

אז עס וועט שוין יא זיין א קאנגרעס, דארף ער ניט און טאר ניט האבען דעם כאראקטער פון די קאנגרעסען, וועלכע מיר האבען ביז איצטער געהאט.

קוים האבען מיר זיך איבערציינט — און איך מיין אז אלע פער־שטענדיגע ציוניסטען האבען זיך איבערציינט — אז אויף די קאנגרעסען, ווי זיי זענען געווען ביז איצט קען מען ווייניג וואס אויפטהון; קוים זעהען מיר אז אונזער ארבייט ביז איצט, האט ניט געבראכט אפילו קיין קליינעם חלק דערפון וואס עס וואלט געדארפט ברייננגען אזוי פיעל מיה און מאטערניש, וועלכע האט אזוי פיעל מענשען געקאסט, און קוים זאגען אונז די גרויסע אז גרויסע קאנגרעסען זענען אונז נייטהיג פאר די גרויסע וועלט... אלזא איז קיין אנדער מיטעל ניטא, ווי אונזערע קאנ־גרעסען אין צווייען איינצוטהיילען; ס'זאל זיין אי פאר אונז אי פאר די וועלט, מען זאל נוטצען בריינגען אינוויינינג און, אויב ס'איז מעגליך, שעפען נוטצען פון דרויסען.

די זאך איז איינפאך: עס מוז אלע יאהר געמאכט ווערען א קאנגרעס, א געשלאססענע פערזאמלונג, פון אלע מיטגליעדער פון אקציאנס־קאמיטעט, און צו זיי נאך די וויכטיגסטע ארבייטער, בפועל ממש, אין ציוניזם אין די גרויסע צענטרען. די ווייסען וואס מען דארף טהון, וואס ס'פעהלט אין פערשידענע ארבייטען אין ציוניזם, און יעדער, ווער ס'איז ערנסט אריינגעטהון אין דער ארבייט, קען א גראדע עצה געבען ווי אזוי און מיט וואס די בעמערקטע פעהלער אויסצובעסערן. אזא קאנגרעס, אהן גרויסע פאראד, אהן דעקאראציעס, אהן פאלקספער־זאמלונגען און אהן „גאלדענער יוד" וועט ניט זיין פערבונדען מיט קיין גרויסע הוצאות, מע וועט ניט דארפען פאהרען מעבר־לים, מע וועט איהם קענען מאכען שטילערהייט ווי מען זאגט, פאר איינענע עטליכע מנינים מענשען, אין דייטשלאנד, עסטרייך אדער אפשר אפילו אין רוסלאנד.—

כ'לעבען, די רוסישע יודען זענען שוין אויסגעפאהרן א וועלט, ס'וואלט גאר קיין עולה ניט געווען, מען זאל שוין אמאל קומען צו זיי... די 70 אדער 80 מענשען וועלען זיך איינטהיילען אין פער־שיעדענע קאמיסיעס, וועלכע וועלען זיך בעשעפטיגען מיט פערשיעדענע פראגען, צו די קאנגרעסען, מיין איך, וועט מען קענען אויסקלייבען טיכטיגע מענשען, ווארום ניט יעדערער, וועלכען מען קען מצרף זיין צו אמנין, און שיקען פאר א דעלעגאט צו א קאנגרעס, וואו דער עיקר איז פיגורען, טויג צו אזא קאנגרעס, וואו דער עיקר איז די ארבייט און דער מענשען־פערשטאנד... די קאמיסיעס וועלען רוהיג און אהן טומעל קענען ארבייטען 8 אדער 10 טעג. אז אלע וועלען פערטיג זיין מיט זייער ארבייט, וועט זיין אן'אלגעמיינע פערזאמלונג פון אלע קאמיסיעס, וואו אלעס וועט צוזאמענגענומען ווערען אין איינעם און פערטיג.

אויב ס'וועט נייטהיג זיין, וועט מען איינמאל אין 3 אדער 4 יאהר צונויפרופען א גרויסען, א דעקאראציאנס קאנגרעס ערגיץ וואו אין דער וועלט פאר די וועלט...

אי דער וואלף וועט זיין זאט אי די ציגע וועט זיך פאשען...

איז מעגליך אז שוין טאקע היינטיגעס יאהר זאל נור אט אזא ארבייטס־קאנגרעס צונויפגערופען ווערען?

ליידער מוזען מיר ענטפערן: ניין!

כדי אז א קאנגרעס פון קאמיסיעס זאל קענען עפיס אויסארביי־טען, מוזען די קאמיסיעס האבען גענוג מאטעריאל דערצו. דאס מאטע־ריאל מוז אנגעגרייט ווערען בייציימען, אין פערשיעדענע לענדער און אין פערשיעדענע געגענדען דורך פיעל קליינע קאמיסיעס, וועלכע וועלען צוזאמענעמען, מיט זאך־פערשטענדנים, סטאטיסטישע ידיעות איבער פערשיעדנע פראגען, עקאנאמישע, קולטורעלע א. ז. וו. אט אזא מין אר־בייט דארף דויערען אם ווענינגסטען א גאנץ יאהר ביי גוטער ארבייט. דאס איז, פערשטעהט איהר, ניט קיין שקלים קלייבען אדער גראשענע ביכליך פערקויפען, עס איז אפילו ניט קיין טענ'ן און פוסטע דרשות לכבוד דעם הייליגען רעיון, וואס יעדער שטיקיל משכיל, געהאפטער ארים בחור, אדער אין א נויט אפילו קינדער פון עלף צוועלף יאהר (א מעשה שהיה) קענען עס אבטהון. דאס פאדערט א געוויסע בילדונג, מען דארף זוכען אין סטאטיסטישע ארכיוען, מען דארף וויסען דעם צושטאנד פון פערשיעדענע מלאכות, די לאגע פון פערשיעדענע בעלי־מלאכות, דעם צושטאנד פון פערשיעדענע מסחרים, קרעדיט, פראצענט א. ד. ג. די סומען, וועלכע ווערען פערנוצט אויף פערשיעדענע צדקות; די היי־גיענישע צושטענדע, קראנקהייט א. ד. ג. קולטורעלע צושטענדע: וויי־פיעל און וואסערע חדרים, פריוואט חדרים אדער הברה'שע, אקציאנערנע שולען (ס'זענען דא אקציאנערנע געזעלשאפטען אויף שולען אויך...),

שולען פריוואטע אדער קאזיאנע, פון וועלכען כאראקטער זיי זענען, וואס פעהלט אין זיי, מיט וואס און מיט וויפיעל קען מען זיי אויסבעסערען, וויפיעל "האגדווערקערשולען" זענען דא, וואס איז נייטהיג, מען זאל אין זיי לערנען און וואס ווערט אין זיי געלערנט, אונזערע בעריהמטע תלמוד־תורה'ס מיט די בעריהמטע עזעל־קעפ אן דער] שפיטצע מוז מען נאטיר־ליך אויך בעטראכטען א. ז. וו.

היינט די בעדערפנישען פון פערשיעדענע ערטער, מיט וואס בע־שעפטיגען זיך דארט יודען אם־מייסטען און מיט וואס וואלטען זיי זיך נאך געקענט מיט נוטצען בעשעפטיגען און בעשעפטיגען זיך ניט.

זעלבסטפערשטענדיך אז די צאהל פון די ציוניסטען און אנטי־ציוניסטען מוזען אויך קומען אין בעטראכט א. ד. ג.

נור אויף גרונד פון אזעלכע ארבייטען וועלען די קאמיסיעס — וועלכע מיר שטעלען זיך פארלייפיג פאר אויף די צוקינפטיגע ארבייטס־קאנגרעסען — קענען עטוואס אויסארבייטען, וועלען זיי קענען עפיס אויפטהון; נור דאן וועט מען קענען אויסארבייטען א פראגראם פון ארבייט, דורך וועלכער מיר וועלען זיין אומשטאנד טהון, שוין טאקע יעצט, עפיס פאר אונזער פאלק; דורך וועלכער מיר וועלען ביסליכווייז קענען דאס פאלק ארגאניזירען, צונויפקניפען, מען זאל זיך פיהלען ווי איין מענש, אדער, ריכטיגער, האטש ווי איין פאלק.

נור דורך אזא ארבייט, וועלכע זאל ארומנעמען אלע לעבעדיגע אינטערעסען פון דעם פאלק, אלע זיינע טעגליכע לעבענספראגען, וועלען מיר קענען דאס פאלק טאקע מיט אנ'אמת ארום זיך ארומנעמען; נור דאן וועט עס אויף אונז קוקען ווי אויף זיינע אמת'ע גוטע פריינד, נור דאן וועלען מיר האבען א געזונדען פלאן, אויף וועלכען מיר וועלען מיט דער צייט קענען באמת אויסבויען אונזער צוקונפט...

פארלייפיג האבען מיר אין דער הינזיכט גאר ניט געטהון, ס'פער־שטעהט זיך אז פארלייפיג האבען מיר נאך ניט וואס צו געבען אונזערע קאמיסיעס, כדי זיי זאלען דערפון קענען עפיס מאכען.

פריהער מוזען מיר האבען די פ י ע ל קליינע קאמיסיעס אין פערשיעדענע שטעדט און געגענדען; נאך פריהער אבער מוזען מיר האבען אנ'אויסגעארבייטעס פראגראם, נאך וועלכען די קליינע קאמיסיעס זאלען אין זייערע קליינע און גרויסע שטעדט ארבייטען, אום דאס רוי־מאטעריאל צו שאפען.

אזא פראגראם מוז און דארף אויסגעארבייט ווערען אויף א קאנ־גרעס.

אויב דער 5־קאנגרעס קען ניט זיין קיין ארבייטס קאנגרעס, ווי מיר שטעלען זיך איהם פאר אין דער צוקונפט, דארף ער און זאל זיך בעשעפטיגען מיט דעם אויסארבייטען פון אט אזא מין פראגראם, ווי מיר האבען דא פארגעשטעלט אין איינינע שטריכען.

דאס איז כמעט די וויכטיגסטע פראגע, וועלכע מוז אויספיהר־ליך בעהאנדעלט ווערען אויף דעם 5־טען קאנגרעס. ניט ווענינער וויכטיג איז אויך די פראגע פון די ארבייטער אין פאלעסטינא אדער קאלאניזאציאנס־פראגע איבערהויפט. די פראגען קענען אויך ניט אבגעפטר'ט ווערען מיט אזא מין רעפעראט, פול פראזען און גערידכטע פארע, ווי די וואס מע לאזט אונז, ביוך השם, הערען אהן צאהל אויף אונזערע קאנגרעסען.

און ווער אפילו פון אוזערע גרעסטע אפטימיסטען און מגזמים— וועט ניט מודה זיין אז ס'איז שוין צייט, מיר זאלען אויפהערען אין די אננעלנעהייטען טאפען אין דער פינסטער?

# פעלעטאן.

## גאנץ בערדיטשעוו.

(א ריכטיג בעשרייבונג פון דער שטאדט בערדיטשעוו מיט אלע איהרע אנטיקליך).

ארויסגעגעבען פון

שלום-עליכם.

### דאס דריטע קאפיטעל.

### בערדיטשעווער רעסטאראנען.

"כשר! בכאן עסט מען פריש און וואלוועל! שרה אינדיק".

איבערגעלייענט אזא מין אויפשריפט, קלעטער איך ארויף אויף גליטשיקע טרעפ אויפ'ן צווייטען שטאק פון א רויטען נאקעטען מויער, און האטש די ריחות וואס לאזען זיך הערען אויף די טרעפ זענען עפים ניט אזוי איינגענעהמען פאר דער נאז, נאר "א הונגעריגער מאגען קלויבט נישט איבער"...

— וואו איז דא ערגיץ שרה אינדיק? — טהו איך א פרעג ביי איין אלטען יודען מיט א געל פנים, וואס זיצט אויף דער ערד און פערדעכט איין אלטען מאטראץ.

— ווייט! — מאכט צו מיר דער אלטער און טהוט א פאטש דעם מאטראץ און עס געהט פון איהם א גרין רויכעל.

— אוועקגעפאהרען? — פרעג איך איהם.

— אוועקגעפאהרען! — מאכט צו מיר דער אלטער און שאקעלט מיט'ן קאפ — אוועקגעפאהרען אויף אייבי!...

— געשטארבען? ברוך דיין אמת! — זאג איך און איך וויל מיך ארויסחאפען צוריק.

— יא, — מאכט ער — געשטארבען. ערב־פסח ווערט זעכס יאהר אז זי איז געשטארבען. גלויבט מיר איך האב זי נאך ניט פערגעסען אויף קיין מינוט אפילו! ווי קען מען דען אזעלכס פערגעסען? איהר קאכען, איהר באקען, איהר בענעהן זיך מיט דער וועלט, איהר רעדען מיט א מענשען און איהר צוטרעפען מיר מיט מיין שגעון! נאר איך פערשטעה ניט, איך בעדארף אייך דען דערצעהלען? איהר האט דאך זי מסתמא געקענט?

— פון וואנען — זאג איך — האב איך זי געוואלט קענען, אז איך בין דאס ערשטע מאל אויף מיין לעבען אין בערדיטשעוו?

— הערסט! היינט וואס זשע — זאגט ער — פרעגט איהר זיך נאך אויף שרה'ן?

— איך פרעג גאר ניט אויף שרה'ן — זאג איך — איך פרעג צי איז דא דער רעסטאראן "שרה אינדיק", וואס שטעהט אויפגעשריבען אויף דער וואנד. איך וויל עפים עסען.

— עפים עסען? — מאכט ער צו מיר — הערסט! היינט וואס זשע שווייגט איהר?... רחל! רחל!

און עס בעוויזט זיך א שווארץ־חנ'וודיג ווייביל מיט שווארצע לאכענדיגע אייגעליך מיט פערקאטשעטע ארבעל און מיט מעהל אויף די הענד, אויפ'ן פארטוך, און אויפ'ן פנים.

— וואס איז שוין ווייטער? — רופט זיך אן דאס שווארץ־חנ'וודיגע ווייביל, טהוט זיך א וויש די נאז מיט'ן ארבעל וואס אויף דער זייט עלענ־בוינען — מע לאזט ניט איבערזיפען די מעהל! אלע מינוט: רחל! רחל!

— זיי ווילען עפים עסען. — מאכט צו איהר דער אלטער און הערט ניט אויף צו פאטשען דעם מאטראץ.

— עפים עסען? — רופט זיך אן דאס ווייביל מיט א מארנע מין

און די באַנק, מיט אַליי שווערע און ביטערע אונאָרדנונגען, וועלכע הערשען דאָרט ביז איצט, איז געוויס און געוויס איינע פון די סאמע וויכטיגסטע פראַגען, און אַזוי אויך איהר בעשטימונג אויף דער צוקונפט, וועלכע מוז בעהאַנדעלט ווערען אויף דעם פינפטען קאָנגרעס.

און כדי אז אונזערע צוקונפטיגע דעלעגאַטען, זאלען קענען מיט פערשטאַנד בעהאַנדלען די אלע פראַגען און ניט דרייען מיט דער צונג און ניט הויבען די הענד גלאט אין דער וועלט אריין, מוז מען זיי די אַלע פראַגען קלאָר און דייטליך פארלייגען, מיט אלע ליכט־און שאטען־זייטען, מוזען די רעפעראַטען, וועלכע וועלען איבער די פראַגען געהאַלטען ווערען, טיכטיג, פון פאַכ־מענשען אויסגעאַרבעט ווערען, אנדערש וועט מען צו קיין טאָלק קומען.

דעריבער וועט עס זיין נור אַנ'אומגליק פאַר דעם גאַנצען ציוניזם, אויב מען וועט דעם 5־טען קאָנגרעס אָכהאַלטען אין איילעניש. פון איילעניש וועט געוויס קיין גוטס ניט ארויסקומען. אויב דער קאָנגרעס וועט זיין, ווי מע מיינט, דעם 15 טען יולי, וועלען מיר האבען פעק מיט רייד ווי פאַר אַ יאָהרען. דער עולם וועט פאַטשען בראַוואָ, און מען וועט זיך צופאַהרען מיט פוסטע קעשענעס און פוסטע קעפ, נור מיט הערצער פול וואונדען.

אדרבא, זאָגט אליין, איז מעגליך אַז מען זאל אין די פאָר חדשים, וועלכע זענען נאָך געבליעבען ביז צום קאָנגרעס, אויסארבייטען טאקי באמת וויכטיגע ארבייטען — רעפעראטען — איבער די אלע וויכטיגע פראַגען וועלכע מיר האָבען דאָ אויסגערעכענט ? מע קען דאָך ניט — ווען מען וויל נור עהרליך זיין — אַפילו ביים בעסטען ווילען אין אַזאַ קורצע צייט, אפילו דעם קלענסטען מאַטעריאַל צו דעם זאמלען. און עס איז דאָך אונמעגליך צו גלויבען, אַז מען זאל אונז. וועלען פטר'ן מיט אַזעלכע רעפעראַטען ווי, צום ביישפיעל, דער פאַר אַ יאָהריגער איבער דער עקאָנאָמישער לאַגע פון די יודען אין רוסלאַנד...

ס'איז איבריג צו ערקלערען דאָ, ווי נייטהיג ס'איז, מען זאל דעם קאָנגרעס אבלייגען האטש אויף אַ 3־2 חדשים שפעטער. ווען אונזערע לעזער וועלען דעם ארטיקעל לייענען וועט שוין לאַנג זיין בעשטימט די צייט פון קאָנגרעס. ס'איז אבער ניט שפעט אָט אויף וואס אונזערע ברידער אויפמערקזאַם צו מאַכען.

ס'איז צו בעמערקען, אַז וואס ווייטער געפינען זיך אלץ מעהר אַזעלכע מענשען, וועלכע פאַהרען בכונה ניט אויף די קאָנגרעסען דערפאַר וואס די קאָנגרעסען ווערען ניט איינגעאָרדענט ווי זיי וואָלטען געוואָלט, אָדער — וואס ס'איז נאָך פיעל וויכטיגער — דערפאַר, וואס זיי געפינען ניט אין דעם ציוניסטישען פראָגראַם דאָס וואס ס'איז נאָך נייטהיג ס'זאָל אין איהם זיין.

דאָס איז רבי לוי יצחק בערדיטשעווערס גאַנג.

אז רבי יענקל, איוד אַ חלוש מיט אַ האז אויפ'ן הארצען, האט ניט געקענט בלאָזען שופר ווי מען דאַרף, איז דער בערדיטשעווער, זכרונו לברכה, אין כעס געוואָרען און געזאָגט:

טאַ זאל איוואַן בלאָזען שופר!..

פאַר אונז איז דאָס אָבער אַ געפעהרליכער גאַנג. ניט דערמיט, וואס די יונגע געזונדע קרעפטען וועלען אנטלויפען פון די קאָנגרעסען — וואָס אָט ווי זיי זענען האבען מיר דאָך ניט קיין אַנדערע — וועלען זיי אויספיהרען, וואס זיי ווילען און איינפיהרען אין ציוניזם, וואס זיי פערלאַנגען. אַז איוואַן בלאָזט שופר, בלאָזט ער ווי ע ר פערשטעהט, און וואס ווייטער ווערט דער צושטאַנד אַלץ ערגער. ווילען מיר עפים

---

געזאַגנ ווי מע איז מַעֲבִיר די סֵדְרָה, און טרייסעלט אוים דעם פאַרטוך און פערשיט מיר די אויגען מיט מעהל. — וואָס ווילט איהר עסען?

— וואָס האָט איהר? — זאָג איך צו איהר מיט'ן זעלבען נגון וואָס זי.

— וואָס ווילט איהר? — זאָגט זי נאָך אמאָל מיט'ן איינענעם נגון.

— וואָס איך וויל? — זאָג איך — המ... פיש איז דאָ ביי אייך געפילטע?

— נאָכ'ן מארק — זאָגט זי — פיש? אַ שענער מָשָׁל!

— נו, לאָז זיין באָרשטש — זאָג איך — אז ניט קיין פיש.

— וואו האָט איהר געזעהען — זאָגט זי — נאָך האַלבען טאָג באָרשטש? אַ באָרשטש דאַרף זיך קאָכען; דאָס ווייסט איהר צי ניין?

— אַלסדינג — זאָג איך — בעדאַרף זיך קאָכען. אַ ראָסעלפלייש בעדאַרף זיך אויך קאָכען.

— אַבי איהר ווייסט — זאָגט זי — איז גוט!

— נו? — זאָג איך — איז קיין ראָסעלפלייש אויך ניטאָ?

— פון וואַנעט — זאָגט זי — האָט זיך גענומען אַ ראָסעלפלייש? ס'איז געווען אַ ראָסעלפלייש, האָט מען איהם אויפגעגעסען.

— נו — זאָג איך — לאָז זיין אַ יויך.

— מיט וואָס — זאָגט זי — ווילט איהר זאָל זיין די יויך? מיט מאָנע־גרייפליך, מיט אַ מַצה'לי, צי מיט מאָנדלען? (אַ פַּתָּח פערבייט זיך ביי איהר אָפטליך אויף אַ קָמַץ).

— לאָז זיין — זאָג איך — מיט וואָס איהר ווילט, אַבי אַ יויך.

— אויף ווען — זאָגט זי — ווילט איהר זאָל זיין די יויך?

— וואָס הייסט — זאָג איך — אויף ווען? אויף באַלד!

— וואָס הייסט — זאָגט זי — אויף באָלד? איהר ווילט דאָך מסתמא אַ יויך זאָל זיין פון עוֹף? וואָסער אַ טַעם האָט אַ יויך אָהן עוֹף? און איין עוֹף בעדאַרף מען ערשט חאַפען, שיקען צום שוחט, אָבפליקען, מאָכען, זאָלצען, אָבגיסען, אויסווייקען און צושטעלען; עס קען ארויסקומען הלוואַי אויף אויפדערנאַכט.

— ניט זשע מיר אַזוי — זאָג איך — וואָס ניט איז: אַ שטיקיל פלייש, אַביסיל ווַפּ, אַ פרעזשעניצע פון עטליכע אייער, אָדער עפּים געזאַלצענס טאָמער האָט איהר?

— אַ מאָדנער יוד! — רופט זיך זי אָן צום אַלטען — אָלסדינג גלוסט זיך איהם... אַ הערינג אויב איהר ווילט קען איך אייך מאָכען.

— לאָז זיין אַ הערינג — זאָג איך — אַבי גיכער.

— ווי אַזוי ווילט איהר? — זאָגט זי — מיט אַ ציבאָלקע?

— מיט אַ ציבעלקע.

— און מיט עסיג אוי—עך?

— מיט עסיג אויך.

— און מיט בוימעל אוי—עך?

— מיט בוימעל אויך.

זי טהוט ווידער אַ טרייסעל דעם פאַרטוך. קאָטשעט אָב די אַרבעל, לאָזט זיך געהן נאָך אַ הערינג און קעהרט זיך אום צוריק.

— ווי אַזוי האָט איהר ליעב אַ הערינג זאָל זיין מיט אַ מילעך צי מיט אַ רוינ?

— לאָז ער זיין ווי ער וויל זיך — זאָג איך — אַבי לאָז ער שוין זיין. רחל לאָזט זיך געהן און קעהרט זיך אום צוריק.

— געראויכערטע פישליך עסט איהר?

— פאַר וואָס ניט? — זאָג איך.

— און אַדעסער קעפאַליען? — זאָגט זי.

— בְּכָבוֹד גָדוֹל! — זאָג איך.

— איך ווייס אָבער ניט — זאָגט זי — צי זיי זענען שוין דאָ?... מיר דאַכט אז זיי זענען נאָך נישטאָ... און אפשר זענען זיי שוין דאָ?... ניין, ס'איז נאָך צו פריה!... פון דעסטוועגען וועל איך זעהען, טאָמער זענען זיי שוין דאָ...

אויסבעסערן, דארפען מיר ניט אויפהערען צוזאמענצוקומען איינ־איינעם מיט אונזערע ברידער, און פראפאגאנדירען אונזערע מיינונגען אזוי לאנג, ביז וואנען מען וועט זיי פערשטעהן און פאלגען. טהוען מיר עס ניט, האבען מיר ניט קיין רעכט די קאנגרעסען ווי זיי זענען און דעם ציוניזם ווי ער איז צו קריטיקירען. נאך מעהר, די שולד דערפון, וואס דאס אדער יענץ איז ניט ווי עס דארף צו זיין פאלט אויף אונזערע קעפ.

דער פינפטער קאנגרעס — אויך ווען ער וועט זיין — מוז, דארף, און וועט זיין א הויפטמאמענט, אין דעם גאנג פון דעם ציוניסטישען רעיון; פון דאנען אן וועט דער ציוניזם, וועט די ציוניסטישע ארבייט, אנ'אנדער ווענדונג נעמען. אט ווי עס איז, קען עס ניט בלייבען. נאך א צוויי דריי יאהר אזעלכע, און מען וועט דעם ציוניזם אונטער אונז זעהן... על כל פנים דעם צויניזם אין דער פארם ווי מיר שטעלען זיך איהם נאך איצט פאר. עס מוז און עס דארף נייעס אין איהם געשעהן, נייעס אין איהם אויפגענומען ווערען. ווען אונזער פאלקס־בעוועגונג איז באמת טייער, ווער ס'זעהט אין איהר די מעגליכקייט דעם פאלק צו העלפען, מוז זיך פערגעסען אין זיינע קאפריזען, מוז זיך פערגעסען אין די א נאנגענעהמליכקייטען, וועלכע עס שטעהען איהם פאר אויף די קאנגרעסען איבערצולעבען און קומען אנטהייל נעמען מיטווארט און טהאט אין דעם קומענדען 5־טען קאנגרעס.

ווער פאר אונז — צו אונז!

ש. ראזענפעלד.

---

# פאליטישע איבערזיכט.

די שטעלע פון א מיניסטער. — מעלין. — די פערענדערונגען אין דייטשען מיניסטעריום. — מיקעל. — א פוילישעס גימנא־זיום און דער בית הספר אין יפו.

די העכסטע און צוגלייך אויך די ניש זיכערסטע שטעלע אין א מלוכה איז די שטעלע פון א מיניסטער. אין פראנקרייך בייטען זיך די מיניסטארען יעדע עטליכע הדשים, און א מיניסטעריום, ווי דאס איצטיגע פון וואלדעק—רוסא, וועלכעס בעשטעהט שוין 2 יאהר, געהערט צו די גרעסטע זעלטענהייטען. אין אנהויב פון קומענדיגען יאהר דארפען אין פראנקרייך זיין נייע וויבארעס צום פארלאמענט און ביי דער אגיטאציאן, וואס הויבט זיך שוין איצט אן, סטארען זיך די געגנער פון דעם איצטיגען מיניסטעריום אויסצוגיסען אויף איהם זייער גאנצען כעס. מעלין, דער געוועזענער מיניסטער, וואס האט געקראנען אזא טרויעריגע בערימטהייט אין דרייפוסעס משפט, דערשטיקענדיג צו זיין צייט יעדעס ווארט, וואס האט נור פערלאנגט אמת, ליכט און גערעכטיגקייט, איז איצט שארף ארויסגעטרעטען אין א רעדע געגען דאס פרייע מיניסטעריום פון וואל־דעק־רוסא. מעלין בעשולדיגט די מיניסטארען, דאס זיי פערשטארקען דעם סאציאליזם אין לאנד, דאס זיי העטצען אויף די ארבייטער געגען די רייכע, און די מאסען פון פאלק געגען די קאטאלישע אמונה; ער מיינט, אז די שעדליכע זאמען, וועלכע ווערען פערזייט פון די איצטיגע מיניסטארען, וועלען ברייגגען אין די ניט ווייטע צוקונפט א גרויסע סכנה פאר פראנקרייך. מעלינס רעדע וועט אבער קיינעם ניט פערבלענדען די אויגען, אלע ווייסען גאנ'ץ גוט, אז די סאציאליסטישע בעוועגונג און די סטרייקען, וואס זענען איצט אין פראנקרייך, זענען עלטער פון דעם איצטיגען מיניסטעריום, אלע ווייסען גאנ'ץ גוט און שעצען די ארבייט

---

רחל לאזט זיך געהן און קעהרט זיך אום צוריק.

— אויף יודישע קאלבאסען זענט איהר א בעלן?

— אך! — זאג איך — אדרבה, קויפט, קויפט קאלבאסען! איך האב ליעב קאלבאסען.

— איהר מיינט דאך אוודאי ווארשאווער קאלבאסען?

— נו יא — זאג איך — געוויינטליך ווארשעווער!

— אזוי? — זאגט זי — וועט איהר מוחל זיין זיך דורכפאהרען קיין ווארשא, וועט איהר דארטען עסען ווארשעווער קאלבאסען. ביי אונז פערקויפט זיך בערדיטשעווער קאלבאסען, פון אונזער אייגענע באדריפעט־שער פאבריקע, בעדארף מען האבען צו ווי אי זערנע צייהן; שניירען מיט א מעסער איז אוממעגליך, סיידען האקען מיט א האק. דער שווארצער יאהר ווייסט זיי וואס זיי שטופען אן אהינצו וואס ס'איז אזוי הארט! מע האט אנימעלטען צוהאקט א קאלבאס, האט מען געפונען א צוויאך. א פנים זיי לייגען אריין צוויעכעס סע זאל געהן גוט אויף דער וואג?...

— טאמער וואלט נעוועט נענוג רעדען? — רופט זיך אן דער אל־טער — געה און ברענג צוטראגען און איין עק לאז דאס האבען!

— וואס הייסט גלאט ברענגען צו טראגען? מע בעדארף דאך וויסען וואס ברענגען! איטליכער האט זיך זיין משוגעת! אט האסט דו א שטייגער ליעב נעפרענעלטע פיש... און אנדערע האבען פיינד געפרע־געלטע, האבען ליעב באק פיש... צי א שטייגער פאראן אורחים ביי אונז אזעלכע, וואס הייסען זיך אבקאכען געהירען און עסען דאס צוהאקטערהייט מיט א ציבאלקע און מיט שמאלץ... און ווידער איז פאראן אזעלכע, וואס האבען ליעב אין מיטען דער וואך פעטשיא מיט צוגעטרוקענטע פענעצליך מיט קנאבעל... און פאראן אזעלכע פרעסער, וואס וועלען אייך אוועקגע־בען די נשמה פאר איין אנגעפולטע קישקע מיט פארפעל... און פאראן ווידער אזעלכע, וואס איהר זאלט זיי נילטען זיי זאלען אייך נעמען אין מויל אריין איין עסיג פלייש!...

— איך בעט אייך — זאג איך — ברענגט מיר וואס איהר וועט שוין ברענגען, ווארום איך בין טוידט הונגעריג!

רחל געהט אוועק און דער אלטער רופט זיך אן צו מיר:

— נייען מאס רייד!

— ס'איז אייערע א טאכטער? — פרעג איך איהם.

— וואסער טאכטער! — מאכט ער צו מיר — ס'איז מיין ווייב, דאס אנדערע ווייב ביי מיר. עך, עך, עך! אוודאי איז דאס ניט יענע... יענע עליה שלום איז געוועזן א יודינע וואס מע קריגט זי נישט!... דאס הייסט איך האב צו דער אויך נאר ניט. זי הארעוועט נעביך זעהר גע־טרייה, אז אך און וועה איז איהר!... אט דאס שטיקיל מאטראץ, וואס איהר זעהט, איז אונזער גאנץ בעטגעוואנט... און דערצו בין איך א קראנ־קער און א קאפריזנער! אויסשטעהן מיין שגעון — בעדארף מען זיין שטאר־קער פון אייזען! דאס הייסט בטבע בין איך דווקא א גוטער; נאר מיך אז מע דער'רגזנ'ט מיט א ווארט איז חיות ניט זיכער: וואס סע קומט מיר אין האנד פליהט דאס אין קאפ אריין! — אט אזא „ספילשליוער" בין איך!... איהר מיינט איך האב דאס איהר ניט געזאגט פריהער, איידער איך האב זי גענומען? איך האב איהר געזאגט, אז קיין האניג וועט זי ביי מיר ניט לעקען; זי וועט זיין צופריעדען, אז עס וועט זיין א שטיקיל ברויט אין שטוב; פון פלייש און פון מילך שמועסט מען ניט! און הארעווען האב איך איהר געזאגט פריהער, אז זי וועט הארעווען פאר דריי...

— צו ליעב וואס זשע האט זי אייך גענומען? — פרעג איך איהם.

— וואס הייסט — מאכט ער צו מיר פערוואונדערט — צו ליעב וואס? און די „שטוב" איז ביי אייך א הונט?

— וואסער שטוב? זאג איך — אט דער מויער איז דען אייערער?

— ניין! — מאכט ער צו מיר מיט א געלעכטער — איך מיין די „רעסטאראציע" וואס איך האב. ס'איז ביי מיר איינגעפיהרט געשעפט שוין פון כמה וכמה יאהרען. אט ווי ס'איז ניט געשלאגען איצטער די פרנסה פון רעסטווענען איז פארט א שטוב! ווען איהר טהוט א קוק אויף

פון וואלדעק־רוסא, וואס בעמיהט זיך צו בערוהיגען דאס לאנד און אבצושוואכען די שארפע געגנערשאפט, וואס איז פארהאן אין פאליטישען און אין ווירטשאפטליכען לעבען פון פראנצויזישען פאלק. אלע געדיינקען גאנץ גוט, וואס פאר א שטורמענדען ים האט פארגעשטעלט דאס פראנצויזישע לעבען, איידער וואלדעק־רוסא האט איבערגענומען דאס מיניסטעריום און דערום וועט פראנקרייך ניט אזוי גיך פערגעסען צו דאנקען דעם מענש, וועלכער האט מיט אזוי פיעל קלוגהייט און ענערגיע פערשטאנען ווי צו פיהרען דעם רודער פון פראנצויזישען שיף.

אויך קורץ, אבער דאך לייגגער ווי אין פראנקרייך, איז די שטעלע פון א מיניסטער אין דייטשלאנד. אין פראנקרייך הייננט דער מיניסטער אב נור פון דער מעהרהייט אין פארלאמענט, אין דייטשלאנד הייננט דער מיניסטער אב לויט די געזעצען און מנהגים נור פון דעם ווילען פון קייזער אליין, אבער דער קייזער רעכענט זיך געוועהנליך ניט נור מיט זיינע אייגענע ווינשען, נאר אויך מיט די פערענדערונג אין פאליטישען לעבען. די צוויי סבות זענען גענוג וויכטיג, אז די מיניסטארען זאלען זיך אויך אין דייטשלאנד אפט מוזען בייטען. נור צווייערליי כאראקטערען געלינגט עס לאנג צו בלייבען אויבענאן: אזוינע, וועלכע שטעהען גלייך און בויגען אנדערע — אזא מיניסטער איז ביסמארק געווען, און אזוינע, וועלכע לאזען זיך אליין בויגען, אזא כאראקטער איז געווען מיקעל, דער פרייסישער פינאנץ־מיניסטער. מיקעל איז 11 יאהר אבגעווען מיניסטער, זיין ארבייט אין מיניסטעריום האט ער אנגעהויבען אלס ליבעראל, דערנאך איז ער איבערגעגאנגען צו די נאציאנאל־ליבעראלען און שפעטער איז ער אין גאנצען צוגעשטאנען צו דער קאנסערוואטיווער פארטיי. מיט איהר צוזאמען איז ער אבער אוועק אין זיין פאליטיק שוין צו ווייט. די קאנסערוואטיווע פארטיי, וואס ווערט אומעטום גערעכענט פאר די זיילען, וואס האלטען אויף די רעגירונג איז איצט אין פרייסען מיט דער רעגירונג צוריסען. די רעגירונג וויל דורכאויס דורכשניידען גאנץ פרייסען מיט א נעץ פון קאנאלען, די קאנסערוואטיווע פארטיי אבער איז געגען די קאנאלען, רעכענדיג, אז די קאנאלען וועלען ברייגגען נוצען נור דעם האנדעל און פאבריקאציאן און ניט דער לאנדווירטשאפט. די קאנסערוואטיווע פארטיי פערלאנגען צו פערהעכערען די אבצאהלונגען אויף פרעמדע געטריידע אויף אזוי פיעל, אז די רעגירונג קען בשום אופן ניט איינשטימען, ווייל די רעגירונג מוז אבהיטען די אינטערעסען פון אלע קלאסען פון פאלק און ניט נור די אינטערעסען פון די פאמעשציקעס אליין.

דער מיניסטער מיקעל געפינט ניט פאר מעגליך דורכצוזעצען דעם קייזערס פערלאנג וועגען די קאנאלען געגען דעם ווילען פון דער קאנסערוואטיווער פארטיי, ער געפינט אויך ניט פאר מעגליך ניט צו נאכצוגעבען די פאמעשציקעס אין זייער פערלאנג צו העכערען די אבצאהלונגען נאך זייער וואונש — און דא איז מיקעל געקומען צו אזוינע צוויי פונקטען, אין וועלכע ער האט זיך שוין מעהר ניט געקענט בויגען צוריק, און ער האט דערום געמוזט אבטרעטען. מיט איהם צוזאמען זענען אויך אבגעטרעטען דער מיניסטער פון אינערן און דער מיניסטער פון האנדעל. מיקעל אלץ פינאנץ־מיניסטער האט קונה שם געווען אין דער גאנצער וועלט. דערהויפט האט ער זיך בערימט געמאכט מיט דעם איינפיהרען אין פרייסען אבצאהלונגען אויף הכנסות, דורך וועלכע ער האט פיעל פערגרינגערט די משא פון אבצאהלונגען, וואס איז געלעגען אויף די ארימע קלאסען, און האט זי אריבערגעטראגען אויף די רייכע.

זיין שטעלע נעמט איצט איבער זיינער א תלמיד רהיינהאבען, דאס מיניסטעריום פון אינערן געהט איבער צו האלוועג'ן, דאס מיניסטעריום

---

מיין רחל'ן שבת ביי טאג, אז זי טהוט זיך אן און געהט ארוים אויפ'ן שפאציר וואלט איהר געמיינט ס'איז א גראפיניע! זי איז טאקי קיין עין הרע זעהר א שענע. איצט איז זי שוין אביסיל „אבגעבליאקעוועט". איהר זאלט זי געוועזן זעהען פריהער מיט עטליכע יאהר!...

— וויפיעל קינדער האט איהר? — מאך איך צו איהם.

— טע—טע—טע! — מאכט ער צו מיר — קינדער? אט דאס איז די גאנצע צרה, וואס איך האב קיין קינדער ניט!... אביסיל בראנפען וועט איהר נעמען? וועל איך אייך געבען אביסיל „שפירעט".

— אך! — זאג איך — מיט'ן גרעסטען כבוד.

— איך וועל אייך געבען אין א פינסטערער כלי — מאכט צו מיר דער אלטער און שלעפט ארוים פון בוזעם־קעשעני א פלעשיל און א קליין נעגלייזט טעפעלי און גיסט מיר אן אביסיל „שפירעט". דאס ביסיל „שפירעט" מאכט מיר נאך א גרעסערען אפעטיט און איך פיהל, אז עס עקט זיך מיר דאס חיות.

עס קומט אן רחל מיט'ן הערינג און טהוט זיך א פאטש מיט ביידע הענד איבער'ן קליידיל:

— אוי, א דונער איז מיר! איך האב גאר פערגעסען, אז אין שטוב איז ניטא נישט קיין בולקע און נישט קיין ברויט! וואס פאר א געבעקס האט איהר ליעב? יודישען קוילעטש, צי פראנזאלים, צי גאר קארן ברויט?

— וואס איהר וועט דערזעהען פריהער — זאג איך — אמי דאס זאלט איהר קויפען! איך בעט זעהר איהר זאלט מיך מעהר נישט פרעגען וואס איך האב ליעב! איך האב אלסדינג ליעב!

— א קאפריזנער אורח! — זאגט רחל — פערעבענדיוועט נאך מעהר ווי מיין מאן... מיין מאן וואלט א בעלן געווען אלע טאג א פרישען פידפאליק... אלט געבאקען ברויט נעמט ער נישט אין מויל אריין... קען דען זיין אלע טאג פריש געבעקס? דאס קען אויספיהרען סיידען קאביליאנסקי...

— נו נעה שוין געה — זאגט צו איהר דער אלטער — זעהסט דאך, אז זיי חלש'ען עסען!...

רחל געהט אוועק נאך געבעקס און עס קומט אריין א יודינע א הויכע מיט איין אויג; איין האנד האלט זי אין בוזעם און מיט דער אנדערער האנד קראצט זי זיך אין אויער.

— וואס טהוט מען, רב משה יענקיל, גיט מיר איין עצה? — זאגט די הויכע יודינע צום אלטען — ביי מיין שמואלקיל'ען האט זיך שוין ווידער צושפיעלט איין אויעריל...

— עס קומט אן רחל מיט'ן געבעקס און מאכט מיר דעם הערינג. און די הויכע יודינע הערט ניט אויף אויסצומאלען ווי עס רינט ביי איהר שמואלקיל'ען פון איין אויעריל... זי האט מורא זי וועט ווידער מוזען אנקומען צום רופא, ווייסט זי ניט צו וואסער רופא זאל זי געהן? ווארום צו וואסער א רופא זי זאל ניט געהן ווייסט זי פריהער אז ס'איז ארויסגעווארפען, מחמת די בארדיטשעווער רופאים, דער רוח זאל זיי נעמען, זענען גוטע בלוטצאפערס! א בארדיטשעווער דאקטאר אז איהר גיט חלילה ווינציגער פון א גילען, טהוט ער אייך א שמיץ אין פנים אריין! ס'איז איהם קארג צו קרענקען דעם פראפעסער!...

— גיט עפיס א נדבה א קראנקען! — מאכט א יוד מיט א בלויי פנים און ציהט אוים א קליין אויסגעטריקענט הענטיל, וואס איז בעשאפען געווארען לכתחילה פאר א סגולה אויף בעטען נדבות...

— גיט עפיס א נדבה א ווייסטען קאליקע!... רופט זיך אן א נפש וואס געהט אויף די הענד מחמת ביידע פיס זענען ביי איהם צוגויפגעפלאכטען און אונטערגעבויגען אונטער זיך...

— גיט עפיס א נדבה א חולה־נופל'דיגען!...

איך ווארף אוועק אין מיטען דער' „סעודה", איך צורעכען זיך פאר'ן עסען און אנטלויף פון דער „רעסטאראציע" וואו דער שווארצער פעפער וואבסט!...

(פארטזעצונג קומט)

פון האנדעל נעמט איבער מעלער, איין אנהענגער פון דער ליבעראלער פארטיי און איין פריינד פון די האנדעלסקאנטראקטען מיט די פרעמדע מלוכות.

צוגלייך מיט די פערענדערונגען אין מיניסטעריום איז פערמאכט געווארען פון דער רעגירונג דער פרייסישער פארלאמענט, ווייל די רעגירונג האט פערלארען די האפנונגען דורכצופיהרען נאך אין די איצטיגע סעסיע איהרע פאדערונגען.

די פוילישע צייטונגען זענען איצט פול מיט מאמרים, וועלכע דערמאנען אן די מאמרים אין „המליץ" און „הצפירה" וועגען דעם בית הספר אין יפו. די פאליאקען אין עסטרייך האבען אין שלעזיען גענרינדעט א גימנאזיום, וועלכעס ווערט אין גאנצען געפיהרט אין פוילישער שפראך. דאס גימנאזיום ווערט אויסגעהאלטען פון נדבות, און אזוי ווי די פאליאקען האבען דיזעלבע טבע ווי מיר יודען, גיך אויפצופלאמען און גיך אבגעקיהלט צו ווערען, האבען די נדבות אנגעהויבען צו געהן אלץ שוואכער, און דאס גימנאזיום האלט ביי איינפאלען פונקט ווי אונזער בית הספר אין יפו. די ראליע פון אליאנס שפילט ביי זיי דער קלוב פון די פוילישע דעפוטאטען. לויט דעם פערלאנג פון די פוילישע צייטונגען דארף דער קלוב פאדערן אין פארלאמענט, די רעגירונג זאל איבערנעהמען דאס גימנאזיום אויף איהר חשבון, אזוי ווי זי האלט אוים אויף איהר חשבון דייטשע גימנאזיען אין שלעזיען. די פוילישע דעפוטאטען פון עסטרייכישען פארלאמענט שפילען אבער די ראליע פון גרויסע דיפלאמאטען, וועלכע ווילען ניט איינרייסען מיט דער רעגירונג און האלטען די איצטיגע צייט ניט פאר מעגליך צו פערלאנגען פון דער רעגירונג בקול רמה, זי זאל געבען געלד פאר זייער גימנאזיום. די פוילישע צייטונגען שרייבען און זידלען זייערע דעפוטאטען און רופען צוזאמען פערזאמלונגען, וואו מען קלויבט חתימות און מען פראטעסטירט. מען דארף נור אומבייטען די נעמען און פאר אונז טרעט ארוים דיזעלבע מעשה ווי מיט אונזער בית הספר, מיט דיזעלבע געוואלד־געשרייען און מיט דיזעלבע מאמרים אין די צייטונגען.

י. ל.

---

# ל. פרץ.

IV.

ביז איצט האבען מיר געזעהן, דאס פרץ שילדערט פאר אונז, ווי דאס לעבען ווערט פערניכטעט און צושטערט פון דעם גרויסען דלות, פון דער שווערער ירושה פון א טויזענדיעהריגען גלות, פון דער פאלשער ערציהונג, וועלכע סטארעט זיך נור צו ענטוויקלען אין אונז דעם מוח, טריקענט אוים ביי'ן יודען די נאטירליכע געפיהלען און לאזט ניט אריין צווישען זיינע פיער נאקעטע ווענד עפים א בעפוצונג, א ציהרונג, חאטש א העלען פרישען קאליער אויף וואס דאס מידע אויג זאל זיך קענען א ווײלע אויסרוהען.

צי איז שוין דאס יודישע לעבען אזוי פערחושכ'ט, אז עס דרינגט שוין אין איהם ניט אריין דער מינדעסטער שיין? צי איז פארט ניטא עפים א „שפאניש ווענדטיל", הינטער וועלכען עס שלאגט נאך א לעבענדיג הארץ? וועלכע בעזונדערע קרעפטען געפינען זיך נאך ביי אונז און ווי ווירקען זיי אויף אונז?

פרץ, וועלכער האט מיט זיין שארף אויג באלד בעמערקט אין דער „קעלערוואהנונג" א אבגעצאמט ליכטיגען ווינקעל, האט אויך געפונען א ענטפער אויף די דאזיגע אומעטיגע פראגען. — אין צעהנדליגער ערצעהלונגען האט ער געשילדערט דאס יודשע ווייב, די יודישע מוטער, מיט אצערטליכער ליעבע האט ער זיך צוגעקוקט צו איהר אומעטיגען מזל, און ס'דוכט זיך אוים, דאס אלע זיינע פרויענגעשטאלטען רעדען צו אונז א איינציגע שפראכע:

האלט הויך דאס יודישע ווייב, שעצט אין איהר דאס רייכע געפיהלסלעבען. דער גלות האט דאס יודישע ווייב ניט אזוי צובראכען, ווי דעם מאן. ד ע ר ע ול פ ו ן ד י מ צ ו ו ת, ד ע ר ת ד ר, ד י י ש י ב ו ת ה א ב ע ן ד י י ו ד י ש ע פ ר ו י נ י ט געבוינען, און שוין דורך דעם וואס זי איז געוועזען אייביג א טרייע מוטער, האט זי ניט געקענט ווי דער מאן אנטלויפען פון קאכעדיגען לעבען אין בית־המדרש אריין. אלע געפיהלען, וועלכע זענען פערטרוקענט געווארען ביין מאן, בליהען פריש אין איהר הארצען, די מוטערליעבע האט געמאכט פון איהר א ציטריג איידעל נעפעס, און בשעת דער מאן איהרער איז געגאנגען מיט בלינדע אויגען דורך די וועלט, האט איהר מוטער־בליק אלץ שארף בעטראכט און בעמערקט. – בשעת „דער קראנקער יונגיל" וויל פאר עמעצען אויסגיסען זיין ציטעריג הארץ, געהט ער צו דער מאמען. ער האט דעם „טאטען" האלד, אבער ער קען זיין בליק ניט פערטראגען. אלע זיינע הייסע געפיהלען ווערען פערגליווערט, ווען ער דערזעהט דאס מרה־שהורה'דיג אויג פון טאטען. נעבען דער מאמען אבער בליהען זיי אויף מיט א וואונדערבארער פרישקייט און וואקסען אוים צו רויז־רויטע בלומען...

דאס יודישע ווייב און די יוגענד ביי די אונטערסטע קלאסען פון פאלק האבען נאך ניט פערלארען דעם נאטירליכען צובונד צום לעבען. פאר זיי איז נאך אלץ שיר השירים, דאס ליעבע ליעד, וואס זינגט א קעניג פאר א שען — קינד, די יוננע שולמית, וועלכע געהט אלע פריה־מארגען ארוים מיט איהרע שעפעליך אויף די גרינע בערג פון ירושלים. זיי גיבען זיך אב מיט לעבענדיגע אינטערעסען, קעמפפען מיט דעם בייזען עלענד פון זייער לעבען און ארבייטען מיט א גלויבען פאר א בעסערע צוקונפט; חאטש זייער גלויבען איז אהן ווערטער, ווייל זיי זענען צו אונגעלערנט דייטליך ארויסצוזאגען אלץ וואס זיי פיהלען.

און ניט נור אויף זיי אליין האפט ער... דער איינענער פרץ, וועלכער קלאגט אויף דאס וואס מען קען זיך ניט בעפרייען פון טויטען עבר, האט ניט פערגעסען די ירושה פון דער לעבענדיגער יודשער פערגאנגענהייט. — צו ליעב דעם לאנגען גלות האבען זיך ביי אונז אסך כוחות און פעהיגקייטען ניט ענטוויקעלט, אדער זיי האבען, צוליעב דעם וואס עס פעהלט אונז די נאציאנאלע זעלבסטשטענדיגקייט גענומען א פאלשע נארישע ווענדונג. פאר הונדערט און עטליכע יאהר צוריק האט זיך נעבילדעט ביי יודען א נייע סעקטע, דער חסיד'סמוס, וועלכער האט אין א קורצער צייט צוגעצויגען צו זיך דעם גרעסטען טהייל פון פאלק. די חסידישע תורה האט געלויבט דאס לעבען, די נאטור, אלץ וואס דערהויבט און שטארקט די מענשליכע זעעל. זי האט געוואלט אין דער אויסגעטריקענטער מענשליכער ברוסט וועקען פרייד, נחת, ליעבשאפט צו דער ליכטיגער וועלט און צו איהר בורא. זי האט האלד געהאט איטליכען יודען, דעם למדן גלייך מיט דעם עם־הארץ, דעם חריף גלייך מיט דעם פראסטאק, דעם תם. זי האט געוועקט ביי איהרע אנהענגער א אכטונג צו דעם, וואס טראגט אויף זיך דעם נאמען מענש, און האט צובראכען די מחיצה צווישען מענש, וועלט און גאט. אלץ איז איינס, די גאנצע וועלט זינגט שירה און דער מענש דיענט דעם אייבערשטען מיט א פרעהליכען שמייכעל אויף די ליפען ניט ווייניגער ווי מיט א טרעהר און א זיפץ... צוליעב אסך סבות איז פון דער

ת״רה ווענינ וואס אַרויס. קמיעות, צדיקים, בעל־שם׳ס און רביים האבען אַרויסגעשטופּט דעם היילינען גייסט פון גרויסען בעש״ט׳ס תורה... דער בעש״ט איז שוין לאַנג טויט, דאַך בירושה האַט ער אונז איבערגעלאזען די הויכע אידעאַלען, צו וועלכע ער האַט געשטרעבט און פון וועלכער מיר שטעהען נאָך היינט מיילענווייט און דעריבער איזיענער עבר נאָך עד היום אַ לעבעדיגע צייט פאַר אונז.

און פּרץ, ווי יעדער עכטער פּאָעט וואס האַט אַ טיעפען צובונד צו אַלין, וואס בעזיצט נור זאַפט און חיות האַט ניט אויפגעהערט צו שילדערן דעם לעבעדיגען יודישען עבר. נאָך איידער ער האַט אנגעהויבען שרייבען זיינע בעריהמטע בילדער וועגען חסידיסמוס, האַט ער אונז מיט אַ קונדיגען טאלענט געמאָלט די מענשען פון אַלטע דורות, זייערע געדאַנקען און ויינע אידעאַלען („די מקובלים״, „דער פערשאַלטענער ברונען״ און ד. גל.) שפּעטער אַבער האַט ער זיך פערטיעפט אין די צייטען, בשעת דער ריינער חסידיסמוס האַט אנגעהויבען ווארפען אין יודישע הערצער די ערשטע זאַמען. ווער פון די לעזער פון „יוד״ געדענקט ניט זיינע „חסידעשע״ „השמחה״ במעונו, „אויב ניט נאָך העכער״, און „צווישען צוויי בערג״? אין דער לעצטער ערצעהלונג, וועלכע איז באַלד איבערגעזעצט געוואָרען אין רוסיש און אין דייטש, האַט ער מיט קלאָרע פעסטע לייניען, אין צוויי לעבעדיגע געשטאַלטען, אין אַ פערצייטיגען גאון און אין איינעם פון די ערשטע רבי״ים אונז געגעבען אַ בילד פון די גרויסע עקשנ׳עסע מחלוקות צווישען די מתנגדים אין די ערשטע חסידים, צווישען די אַלטע טרוקענע לומד״ישע אידעאַלען און דער נייער וואַרמער חסידי״שער תורה, וועלכע רעדט צום האַרצען מיט אַזאַ פריינדליך זיסען קול... דיזעלבע געגנערס צווישען צוויי נשמות, אַ מתנגדי״שער און אַ־חסידישער זעהען מיר, חאַטש אויף אנדער אופן אין זיין „משנת חסידים״ (העברעאיש) און אומעטום וואו מיר טרעפען ביי פּרץ אָן דעם ריינעם חסידישען אידעאַל, וועקט זיך אויף ביי אונז אַ שטראָם פון פערשיעדענע געפיהלען, הויבען מיר אָן צו בענקען נאָך דעם בעש״ט׳ס צייטען, בשעת מענשען האבען געלעבט פיינער, איידעלער און שענער...

---

אין אַ קורצען אַרטיקעל איז אונמעגליך אַרויסצוריידען פון אַלע זייטען די 25 יעהריגע אַרבייט פון אַזאַ פּאעטען ווי פּר״ץ. עס איז אַפילו אונמעגליך אויסצושעפּען האטש אַ קליינעם טהייל פון דער עשירות וואָס ליעגט בעהאַלטען אין זיינע אַלע ווערק.

דער קלוגער לעזער, לעזענדיג מיט כונה די געזאַמעלטע ווערק פון פּרץ, וועט געפינען דאָרט אוצרות פון פּאעזיע און געדאַנקען. פּר״ץ שרייבט קורץ און שאַרף, ער רעדט ניט קיין פוסטע מליצות, און אין אַ קורצער פּראַזע זיינער ליעגט אפט בעהאַלטען אַ טיעפער זין. ער האַט ניט געשריבען פאַר׳ן נידריגען געשמאַק, ער האַט זיך שטענדיג געסטאַרעט דעם געשמאַק פון לעזער אויפצוהויבען און צו פערבעסערען. און פון דעסטוועגען האַט ער שטענדיג געשריבען פאַר דעם פאָלק און צו ליעב דעם פאלק. ער האַט זיך ניט געחנפ׳ט צו די גרויסע און צו די רייכע, ער האַט ניט פערדעקט זיינע געדאַנקען. דאָס, וואָס ער האַט געטראַכט האַט ער שטענדיג אָפען און עהרליך ארויסגעזאַגט. ער האַט זיך דורך דעם אַסך אונפריינד צוגעצויגען, נאָר ווי יעדער פּאָעט זוכט ער ניט מפּצה צו זיין די שונאים, ער אַרבייט פאַר זיין פאָלק, ער אַרבייט פאַר דעם פאָלק מיט דעם כּח פון דער פּאָעזיע, און ווען דאָס לעבען איז היינט ניט זיס, טרייסט ער זיך מיט דער האָפנונג, דאָס צוליעב דער אַרבייט פון הויכע גייסטער וועט אַמאָל דאָס מענשליכע לעבען בעסער און איידעלער ווערען...

בעל מחשבות.

---

## צווישען אונז גערעדט.

מיר הערען ניט אויף צו רעדען וועגען אַ בעסערער ערציהונג, וועגען שולען און אין די לעצטע יאָהרען האָבען מיר אָנגעהויבען רעדען אפילו וועגען יודישע אוניווערזיטעטען און בלייבען — בלייבען מיר ביי די הדרים מיט די מלמדים...

יודישע קינדער ווערען ערצויגען ביי די מלמדים. שולען עפענען זיך ביי אונז זעהר ווענינ. געגען די הדרים זענען זיי ווי אַ טראָפּען אין ים.

מיר בלייבען ביים רעדען.

מיר זענען ניט צופריעדען מיט די מלמדים, ווייל זיי גיבען די קינדער קיין גוטע ערציהונג.

די גאַנצע שולד וואַרפען מיר אַרויף אויף די מלמדים מיט זייערע חדרים. פון מלמדים, ערלויבט זיך יעדער צו לאַכען און שפּעטען, דאָס וואָרט „אַ מלמד״ איז געוואָרען צו שאַנד און צו שפּאָט.

באמת אבער זענען ניט אין גאַנצען די מלמדים שולדיג אין זייער שלעכט ערציהען די קינדער.

שולדיג אין דעם זענען מעהר די עלטערן פון די קינדער, זיי זעלבסט האָבען די מלמדים מיט די חדרים געשטעלט אויף איין נידריגע מדרגה.

ביז אין דער גאָלדענער צייט, ווען עס וועלען אַמאָל ביי אונז זיין אומעטום שולען פאַר אַלע יודישע קינדער, מוז מען דערווייל זאָרגען וועגען די מלמדים, און ווען די מלמדים וועלען זיין פערזאָרגט, דאַן וועלען במילא די חדרים אויך פערבעסערט ווערען.

ווי קענען מיר פערלאַנגען, אַז די קינדער זאָלען גוט לערנען זאלען האבען גוטע מדות, אז זיי קענען ניט שעטצען און ליעב האָבען זייער רבי׳ן, צו וועלכען מען האָט זיי אוועקגעגעבען זיך צו לערנען און צו ערצויגען צו ווערען.

און ווי קען דאָס קינד שעטצען זיין מלמד, אז איידער ער קומט נאָך אָן צו זיין רבי׳ן, הערט ער צו הויז פון איינגע, ווי מען לאַכט און מען שפּעט פון דעם מלמד, און ווען ער געהט שוין צום מלמד לערנען, זעהט ער ווי פון זיין רבי׳ן איז טאַקע דאָ פון וואָס צו לאַכען: ער געהט נעקליידעט אָבגעריסען, אָבגעשליסען און אפט ניט ריין, זיין געזיכט איז אייביג פערזאָרגט און שטענדיג פערצאָרענט, קיין גוטע פרעהליכע מינע, וואָס ווירקט אזוי גוט אויף קינדערשע הערצער, זעהט קיין מאָל ניט אויף דעם רבינס געזיכט. ניט שענער און ניט בעסער זעהט אויס דאָס קליינע נידריגע שטיביל, דער חדר.

די אַלע זאַכען ווירקען זעהר שלעכט אויף די קינדער און אויף זייער ערציהונג, פריהער פאַר אלעמען הערען אויף די קינדער צו האבען דרך־ארץ פאַר זייער רבי׳ן, זיין אויטאריטעט ווערט פערלאָרען אין גאַנצען און דאָס אַליין איז שוין גענוג אז די קינדער זאלען פערדאָרבען ווערען און פון קיין גוטער ערציהונג איז שוין גאָר קיין רעדע ניט.

מיר בעשולדיגען שטענדיג אין דעם אלעמען די מלמדים, פאַר וואָס זעהען זיי שענער ניט אויס, פאר וואָס פיהרען זיי זיך ניט אויף

בעסער, אז די קינדער זאָלען פאר זיי דורך־ארץ האבען, זיי פאָלגען און ליעבען און פערלאנגען זייערע חדרים זאלען אויך בעסער אויטזעהן.

נאר ווי קענען מיר דאָס אלעס פערלאַנגען פון די מלמדים, אז תמיד שטארבען זיי פאר הונגער און קענען ניט נור ניט טראַכטען פון א שענערען מלבוש, פון א גראָמערען חדר, נאר אפילו פון עסען צו זאַט א שטיקיל ברויט.

ווי קענען מיר דאָס אַלעס פערלאַנגען פון מענשען הונגעריגע מיט אייביגע דאגות־פרנסה ?

אמאָליגע יאָהרען איז די לאגע פון די מלמדים פאָרט בעסער געוועזען. ערשטענס האט מען אין יעדען יודישען הויז א מלמד געשעצט און כבוד אָבגעגעבען און דאָס האט זעהר גוט געווירקט אויף די קינדערס ערציהונג און צווייטענס (וואָס דאָס איז די הויפּטזאַך) איז ביי יעדען יודען געוועזען א גרויסער חוב, די גרעסטע מצוה צו צאָהלען פינקטליך זיין צוגעזאַגטען שכר־למוד, פינקטליך אין דער צייט. פריהער פאר אלעס, די ערשטע פון די הוצאות איז ביי יעדען יודען געוועזען צאהלען שכר למוד. א יוד האט חס ושלום אויף שבת ניט געהאַט, האט ער א משכון פערזעצט און געשיקט דעם רבי'ן שכר־למוד.

פריהער איז ביי יודען שכר־למוד געוועזען דאָס ערשטע און היינט איז שכר למוד געווארען דאָס לעצטע. פריהער איז שכר למוד געוועזען א מצוה און היינט איז שכר למוד איין אבקומעניש.

דער היינטיגער מלמד רעכענט זיך אוים, אז ער האט 150 אָדער 200 רובל א זמן, און ווען עס קומט צום סוף זמן האט ער קוים איינגעמאָנט א האַלב אָדער א דריטעל. היינט ווי קענען די מלמדים ביי אזוינע מיטלען לעבען עטוואָס מענשליך און ווי קענען זיי ביי אזוינע אופנים זיך ערענסט אבגעבען מיט דעם לערנען ווי פעהיג און גוט די מלמדים זאלען ניט זיין ?

אין דעם וואס די מלמדים מיט זייערע חדרים שטעהען אויף אזא נידריגער מדרגה זענען מיר, די עלטערען, זעלבסט שולדיג. „אז עס איז ניט דא קיין ברויט, איז ניט דאָ קיין תורה".

אמת מיר דארפען ניט אויפהערען צו רעדען וועגען עפענען וואס מעהר שולען, מיר מעגען אפילו רעדען וועגען יודישע אוניווערזיטעטען, מיר דארפען אָבער ניט פערגעסען אז דערווייל, ווערען דאָס מעהר יודישע קינדער ערצויגען ביי די מלמדים.

מיר דארפען דערווייל שעטצען און אָבהיטען דאָס וואָס מיר פערמאָגען, מיר דארפען מעהר זאָרגען פאר אונזערע מלמדים, וועלען מיר דאן אויך מעגען פערלאַנגען פון זיי בעסער לערנען און ערציהען אונזערע קינדער.

**מ. חיות.**

## ציימונגען פון דער וואך.

[illegible] „[illegible]וואָלין" בעשרייבט דאָס יודישע [illegible] לעבען אין בערדיטשעוו [illegible] געפינען דאָרט א סך אמת און אזוינע בעקאַנטע זאַכען, פון וועלכע מען קען זיך פיעל אָבלערנען:

[illegible] אײנע פון די היגע [illegible] האָט אויסגעשטעלט אזא שילד: „בארג אין געשעפטען איז קרעדיט לעבט נים, [illegible] קיינעם, זאל מען קיין ביער ניט טרינקען".

אזא שילד וואָלט מען בעדארפט אויפהייגען אין מיטען שטאָדט אויף א היכען סטאָלב, נאר אנשטאט די ווערטער „זאָל מען קיין ביער ניט טרינקען" וואָלט בעדארפט שטעהן: „זאל מען ניט לעבען [illegible] פריצים און באַלאַנען". [illegible]

יעדער סוחר שפרינגט פון דער הויט, ער זאל לעבען שענער פון דעם צווייטען און דאָס ברענגט סוף כל סוף דערצו, אז מען ווערט הינטערשטעליג.

אמת, אז דער אלגעמיינער קריזיס ווירקט אויך דערויף, אָבער דער גרונד פון אומגליק ליגט ניט אין דעם קריזיס. וואָס איז אייגענטליך א סוחר? דאָס איז אזא מענש, וואָס שטעלט צו סחורה אין אזא פונקט, וואו זי פעהלט, און די פראָדוקטען, וואָס דער פונקט ארבייט אוים צו פיעל פאר די אייגענע איינוואָהנער, פערקויפט ער אין איין אנדער אָרט, וואו מען נייטיגט זיך אין אזא סחורה. מען זאָל זיין א פעהיגער און ארענטליכער סוחר, דארף מען זיין סוחריש געביל־דעט. די צייטען, ווען דער האנדעל האָט זיך געגרינדעט אויף די ווערטער „אז דו וועסט ניט אָבנארען, וועסט דו ניט פערקויפען" — זענען שוין אוועקגעגאנגען.

ווי אין יעדער בעשעפטיגונג דארף מען אויך אין מסחר פריהער פאר אלעמען זיין בעקאַנט און פערשטעהן דעם האנדעל, מען דארף זיין ארענטליך און פונקטליך און פיעל ארבייטען.

וואָס זשע זעהען מיר אין בערדיטשעוו? מען טרעט אריין אין קלייט אלס 12—13 יעהריגער יונגיל אָהן שום ערציהונג. דער יונגיל ווערט ערצויגען אין קלייט. די ערשטע 3—4 יאָהר בעשטעהט דאָס „לימדות" אין דעם, וואָס ער איז א „לויף־יונגיל" און אין דער פרייער צייט בעשעפטיגט ער זיך דערמיט, וואָס ער מיט זיינע חברים, זיצענדיג ביי די קלייטען, שפעטען און לאכען פון די פארבייגעהער, איבערהויפט פון די קליין־שטעדטילדיגע סוחרתה'ס און פון די פויערן, וואָס קומען פון די דערפער איינקויפען. די גאַס קען מען ניט דורכגעהן, די אונ־ערצאָגענע לעדיגגעהער זאָלען ניט אויסטראַכטען פערשיעדענע שפיטצליך, אבי עס זאָל זיין „פרעהליך" און מען זאָל האָבען „פון וואָס צו לאכען". אז מען פערמאַכט די קלייט, געהט דער יונגיל א היים צום בעל בית, דארט האָט ער ארבייט אין קיך, ווי ארויסטראָגען דעם צעבער א. ד. ג. אויסער עסען מיט קלעפּ און קולאַקעס בעקומט ער פאר די ערשטע 3—4 יאהר קיין געצאָהלט.

אויף דעם פיערטען יאהר הויבט ער אָן צו בעקומען 3 רובל א חודש, אויף דעם 5־טען 5 רובל א. ז. וו., ביז ער ווערט אלט 23—25 יאָהר, דאן בע־קומט ער פון 23 ביז 25 רובל א חודש. אין דער צייט האָט ער חתונה און בעקומט עטליכע הונדערט רובל נדן, דאן ווארפט ער אוועק זיין בעל בית, ער זוכט אוים א רייכען שותף און עפענט אליין א געשעפט. דער רייכער שותף איז דאָס רוב א יונגער מאַן פון פראָסטע נור רייכע עלטערן; אויסער ביים מלמד אין חדר אָדער צו הויז האָט ער זיך גאָר ניט אויסגעלערענט און איז צו קיין זאך ניט פעהיג, די וועלט און דאָס לעבען קען ער ניט, מען מאַכט איהם חתונה, מען גיט איהם אפרוי אויך פון דעמזעלבען קלאָס, פון ביידע צדדים גיט מען צו עטליכע טויזענד רובל נדן, ער ווערט א גבירישער יונגער מאַן, קינדערליך קומט צו פון יאָהר צו יאָהר, די קעסט האָט מען שוין אָבגעגעסען, מען דארף זיך נע־מען צום געשעפט און מען ווייסט ניט ווי צו פיהרען א געשעפט, דאן נעמט מען פאר א קאָמפּאַניאָן א געוועזענעם פריקאַשטשיק, וועלכער לעגט אריין אין געשעפט זיין פראַקטיקע און דער גבירישער יונגער מאַן זיין געלד.

און פיעל אזוינע קלייטען און פירמעס, וואָס בעשטעהען פון אזוינע „קאָמפּאַניאָנען" געפינען זיך אין בערדיטשעוו, און פאַראויס קען מען טרעפען וואָס עס לאָזט זיך אוים פון די געשעפטען ביי אזוינע ניט גלייכע שותפים. דער געוועזענער פריקאַשטשיק טהוט אַלע מעגליכקייטען, ער זאָל לעבען אזוי שען און פיהרען אזא הויז ווי זיין רייכער שותף, און דעם רייכען יונגען מאַן שטעהט ניט אָן אזוי צו לעבען ווי זיין ארימען שותף — דעם געוועזענעם פריקאַשטשיק. דער סוף איז — א גיכער באַנקראָט. מען רעגוליערט, מען עפענט ווידער דאָס געשעפט, מען לעבט ווידער ווי באַראָנען און פריצים און אין א פּאָר יאָהר א צווייטער באַנקראָט.

א דאנק די אָפטע באַנקראָטען, וואָס עס קומען פאָר איצט אין בערדיט־שעוו, האָבען די וואָכערניקעס, וועלכע רופען זיך אָן מיט דעם היינטמאָדישען נאָמען „דיסקאָנטערען" אויפגעהערט יעדען צו לייהען געלד", באָרגען איז גע־שטאָרבען, קרעדיט לעבט ניט", זאָגען זיי. און דעריבער האָבען געמוזט זיך אויך אָבשטעלען אייניגע לייטישע פירמעס — גרויסע און קליינע פאַלען גלייך ווי די פליעגען. שוין זייט דריי חדשים, אז יעדען טאָג זאָל מען ניט הערען פון צוויי־דריי נייע באַנקראָטען.

מיט וואָס קען זיך דאָס אלעס ענדיגען, אודאי ניט מיט קיין גוטס, די באַנקראָטען ווירקען אויך אויף די פערדיענסטען פון בעל מלאכות און פראָסטע

ארבייטער, וועלכע ווייסען ניט פון קיין שווינדעל און לעבען פון דעם טאג אר- בייט, און ארבייט פאר זיי איז וואס אמאל ווינציגער.

די איינציגע גוטע זאך, וואס קען דערפון ארויסקומען איז דאס, וואס די עלטערן זעהען איצט פאר זייערע אויגען, אז קינדער מוז מען פריהער פאר אלע- מען לערנען און מאכען פאר מענשען, זיי זאלען טויגען צו עפיס אויף דער וועלט און זיך אויפהערען פערלאזען אויף די עטליכע רובל, וואס מען גיט פוןביידע צדדים נדן.

## צו געלד דארף מען אויך זיין א מענש.

(אזומער-קאלאניע). אין ווארשא געפינט זיך אויך איין אנשטאלט וואס שיקט ארויס יעדעס יאהר אויף זומער קאלאניעס א געוויסע צאהל קינדער פון ניט פערמעגליכע עלטערן. אין פאריגען זומער האט מען ארויסגעשיקט 2,970 קינדער, צווישען זיי 807 יודישע. די דאקטוירים האבען בעמערקט א מערק- ווירדיגע זאך, אז די יודישע קינדער, וואס קומען צוריק פון דער קאלאניע, קומט צו ווינציגער וואג ווי די אנדערע קינדער. די דאקטוירים ערקלערען, אז דאס איז דערפאר, וואס די יודישע קינדער געוועהנען זיך מיט מיהע צו דעם בעסערען עסען, וואס מען גיט זיי אין די קאלאניעס.

**דאכט זיך אז פון די דאקטוירים'ס ערקלערונג איז צו פערשטעהן אז יודישע קינדער לעבען צו הויז אין גרויס ארימקייט, וואס דאס איז יעדען בעוואוסט, און ביי זייערע ניט פערמעגליכע עלטערן זעהען זיי זעלטען א שטיקיל פלייש, מעהר ווי א ט-וקען שטיקיל ברויט אדער קארטאפליס קוקען זיי ניט אן, און דער מאגען איז ביי זיי נעביך אזוי פערדארט, אז עס איז זיי דערנאך אין קאלאניע שווער זיך געוועהנען צו בעסער עסען. נאר „ווארש. רנעווניק" געפעלט אזא ערקלערונג ניט און מאכט זיך זיין אייגענעם פירוש:**

פאר וואס זאל מען ניט דרינגען אזוי, אז די יודישע ארימע קלאסע שפייזט זיך צו הויז בעסער ווי דיזעלבע קלאסע ניט קיין יודישע, און דעריבער איז ביי די יודישע קינדער דאס עסען אין דער קאלאניע ניט אזא אויסנאמע ווי ביי די קריסטליכע.

**מיט איין ווארט, יעדער לייענט דאס בריוועל ווי ער וויל.**

(א נייע סעקטע). אין „קוריער צאדזיענע" נו' 63 לייענען מיר פון לאדז:

די יודישע יוגענד אויף דער אלטער שטאדט האט זיך געמאכט א חברה מבטל צו זיין די יודישע רעליגיעזע מנהגים. צוריק מיט איניגע טעג איז גע- שטארבען איינער פון זייערע מיטגלידער און ווען זיין פאמיליע האט איהם גע- פיהרט אויף דעם בית עלמין, וועלכער ליגט איניגע ווערסט פון שטאדט, האבען דעם מת בעגעגענט די מיטגלידער פון דער נייער סעקטע. צווישען זיי האבען זיך אויך געפונען אסך פרויען, מיט הוילע קעפ אהן היטלען האבען זיי בעגלייט דעם מת מיט געזאנג ביז צום קבר. און אום אין שטאדט זאל מיטען זיך ניט דער- וויסען פון זייער אויפפיהרונג, האבען זיי אויף דעם וועג איבערגעריסען דעם טעלעפאן, כדי די שמשים זאלען ניט קענען מודיע זיין דעם רב.

די פאליציי פיהרט וועגען דעם א סלעדסטוויע.

---

# די יודישע וועלט.

**רוסלאנד.** — דעם $^{16}/_{29}$ אפריל איז געעפענט געווארען אין ווארשא איין ערציהונגס אנשטאלט פאר ארימע קינדער, געבויעט און איינגעריכטעט אויף קאסטען פון די יורשים פון ה' מארקוס קראלל. דאס צוויישטאקיגע הויז אויף דער גענשע גאס שטעהט אבגערוקט פון די אנדערע הייזער, און האט ארום זיך איין גרויסען און אויסגעברוקירטען פלאץ צו קינדערשפיעלען. אין דעם הויז געפינט זיך א תלמוד-תורה און א פריוט פאר קינדער. די קלענערע קינדער ווערען אבגעהיט און בעקומען אלעס נייטהיגע, בשעת זייערע עלטערן געהען אוועק אויף ארבייט, די גרעסערע קינדער לערנען האנדארבייט, זינגען ליעדער וכדומה. אין דער אנשטאלט געפינען זיך אויך א וועשעריי און א קיך. אלעס איז איינ- געריכטעט שטרענג לויט די פאדערונגען פון היגיעניע. — די הוצאות אויף דעם בויען און איינריכטונג בעטרעפען בערך 80,000 רובל.

— די יודישע לעהרער פון קאזיאננע שולען צאהלען גלייך ווי די קריס- טען 2% פון זייער געהאלט אין דער פענסיאן-קאסע, וועלכע איז בעשטימט צו געבען שטיצע אלטע און קראנקע לעהרער. נאר ביז אהער האבען נאך די יודישע לעהרער נישט נהנה געווען אפילו א פרוטה פון דער קאסע. איצט האט דער קוראטאר פון קיעווער לעהר-ראיאן זיך געווענדעט צו די שולאינספעקטא- רען, אז זיי זאלען איהם אויפגעבען א צעטעל פון די יודישע לעהרער, וועלכע צאהלען אין דער פענסיאן-קאסע, און עס איז צו האפען, אז עס וועט ווערען ענדליך איין ענדערונג אין דער אלטער ארדנונג.

— דער סענאט האט ערקלערט, אז א יוד מעג וואהנען אויף פויערשע ערד אין א שטעדטיל, אויב דער בעל הבית פון דער ערד איז צוגעשריעבען צום שטעדטיל.

— דער אינספעקטאר פון די פאלקסשולען אין יעליסאוועטגראדער אויעזד האט צושיקט א צירקולאר אין אלע שולען, וועלכע געפינען זיך אונטער איהם, אז לעהרערס טארען נישט פערהאלטען די תלמידים אין שולע ביז איבער מיטאג אלס שטראפע, אז זיי טארען נישט שפעטען פון זיי אדער פון זייער נאציאן, און אז איבערהויפט טאר מען נישט ארויפלעגען אויף זיי אזא שטראף, וועלכע האט א כאראקטער פון א קערפערליכער.

— דער אדעסער גראדאנאצשאלניק האט ערלויבט איינעגע דאקטוירים, אז זיי זאלען אויף זומערצייט איינריכטען נעבען אדעס זומערוואהנונגען פאר יודישע שוואכע קינדער.

— אין סמאלענסק האט מען פארגעשטעלט די דראמע „קאנטרא- באנדיסטען". אויף דער פארשטעלונג זענען געווען נישט פיעל מענשען. נאך דעם אנהויב פון ערשטען אקט האט א טהייל עולם אנגעהויבען צו פראטעסטי- רען, די פאליציי האט זיך אריינגעמישט און מיט הילף פון איניגע מענשען אויס דעם פובליקום, וועלכע האבען אנגעוויזען אויף יעדען, ווער עס האט פראטעסטירט, האט זי ארויסגעווארפען די פראטעסטירענדע. עס איז געווארען א ליארם, א געשריי, און נאך דעם ווי מען האט ווייטער גענומען שפיעלען, האבען זיך ווידער געלאזט הערען פראטעסטען, דער גרעסטער טהייל פון פובליקום איז אליין אוועק פון זאל און די פארשטעלונג האט זיך געענדיגט מיט 30 פערזאן אויסער פאליציאנטען און סאלדאטען.

— דער דעפארטעמענט פון מיניסטער פון פאלקסבילדונג האט ערקלערט, אז יודען, וועלכע טרעטען איין אין גימנאזיום, מוזען צושטעלען מעטריקעס און ווען זיי האבען נישט אזעלכע, זאלען זיי צושטעלען אנדערע צייגניסע וועגען געבוירען.

*

**דייטשלאנד.** — דעם $^{21}/_{5}$ אויף דער אסיפה פון דער בערלינער יודישער געמיינדע האט פראפעס' בלאשקע פארגעשטעלט איניגע סטאטיס- טישע צאהלען וועגען לערנען פון דער יודישער אמונה אין די בערלינער שולען. פון די יודישע קינדער, וועלכע בעזוכען די שטעדטישע שולען, האבען 105 יונגליך געלערנט די קריסטליכע אמונה און 88 האבען נישט געלערנט קיין שום אמונה. פון מיידליך האבען 65 געלערנט די קריסטליבע אמונה און 69 — גאר נישט. אין די פריוואטשולען האט זיך פערגרעסערט די צאהל פון יודישע יונגליך, וועלכע לערנען די קריסטליכע אמונה אויף 2 געגען דעם פערגאנגענעם יאהר, און פון די יודישע מיידליך — אויף 65. אין די העכערע טעכטערשולען זענען דא 38 יודישע קינדער, וועלכע לערנען די קריסטליכע אמונה און 20 לערנען נישט קיין שום דת. דער פראפ' בלאשקע האט פארגעלעגט, אז מען זאל שרייבען בריעף צו די עלטערן פון די קינדער און זיי אויפמערקזאם מאכען אויף די שלעכטע פאלגען, און אויך בעוועגען די ראבבינער, אז זיי זאלען מוסר'ן דעם עולם.

די שאלה איז נור, צי די עלטערן וועלען קומען הערען זייער מוסר.

אויף דערזעלבער אסיפה זענען געווען דעבאטען וועגען דעם אנטראג פון דר. עשעלבאכער, אז מען זאל איינפיהרען א גאטעסדיענסט פאר די קינדער לויט דעם אלטען פרומען נוסח — אין דער אלטער שול און אין דער שול אויף דער קייזערשטראסע. די ראשי הקהלה האבען מסכים געווען איינצו- פיהרען אזא נוסח פאר א פראבע אין דער אלטער שול, אבער נישט אין דער אנדערער. דאביי איז ארויסגעקומען א שטארקער וכוח צווישען פראפ' לעווין און פראפ' בלאשקע. דער ערשטער האט געהאלטען פאר דעם אנטראג און דער אנדערער איז געווען כנגד, און געזאגט אז די רעפארמירטע שרעקען זיך נישט, ווי לעווין מיינט, פאר דעם ווארט „ציון"; דאס ווארט „ציון" ארט זיי נישט, נאר זיי ליידען נישט דאס שטרעבען קיין ציון, וועלבעס איז אויסגעדריקט אין די תפלות. דער אנטראג איז איבערגעגעבען א קאמיסיאן צו בעקלערען.

— אין בערלין איז געווען א אספה כללית פון די דייטשע ציוניס- טען, צו וועלכער עס איז אויך געקומען סיר פרענכים מאנטיפיארי פון לאנדאן. נאך דער אספה כללית איז געווען איין ציוניסטישע פאלקספער- זאמלונג, אויף וועלכער עס זענען געווען איבער 1000 מענשען.

— אין זאקסען איז שוין לאנג פערבאטען פון דער רעגיערונג צו שחט'ען לויט דעם יודישען דין. איצט האט בעשלאסען א לייפציגער פעריין פון קצבים צו סטארען זיך ביי דער רעגיערונג, אז מען זאל מבטל זיין דעם איסור אויף שחיטה. וואהרשיינליך איז צווישען די זאקסישע יודען קיינער נישט פער- אינטערעסירט אין דעם מבטל זיין פון דער שחיטה אויסער די קצבים!

*

**פראנקרייך.** — דער מער פֿון אלזשיר מאקס רעזשיס האט פֿארגעשריעבען די יודען אין אלזשיר, וועלכע טראָגען מעהרסטענטהיילס אראבישע קליידונג, אז זיי זאָלען זיך קליידען אייראָפּעאיש, כדי דער המון זאָל זיי נישט דערקענען און נישט בעפֿאלען. איין אויסנאהמע איז געמאכט נור פֿאר רבנים, וועלכע קענען זיך קליידען ווי פֿריהער.

— דעם ⅕ איז ערשיענען גלייכצייטיג אין פֿערשיעדענע שפראכען אין פאריז, לאָנדאָן און פעטערבורג דאָס ווערק פֿון אלפרעד דרייפֿוס „5 יאהר פֿון מיין לעבען".

*

**רומעניען.** — אין גאלאץ איז געוועזן א אספה כללית פֿון די רומענישע ציוניסטען. צו דער אספה זענען געקומען 63 דעלעגאטען. — די אספה האט אויסגעדריקט איהר סימפאטיע די יודישע פּועלים אין ארץ־ישראל.

— שוין א פאר וואכען געפֿינען זיך אין רומעניען איינינע דעלעגאטען פֿון דער חברה יק"א, וועלכע פֿערצייכנען די נעמען פֿון יונגע מענשען וואָס ווילען ארויספֿאהרען קיין קאנאדא. ווי עס ווייזט אויס, וועט זיך איצט פריש אנהויבען איין עמיגראציאָן פֿון רומעניען קיין אמעריקא, נאר זי וועט זיין בעסער איינגעאָרדענט ווי פֿאריגעם יאהר.

*

**ענגלאנד.** — צום דירעקטאָר פֿון „דער יודישער קאלאָניאל באנק" איז בעשטימט געוואָרען ה' ראָזענבוים פֿון רומעניען און צום וויצע־דירעקטאָר ה' זלמן דוד לעוואנטין, איינער פֿון די גרינדער פֿון דער קאלאָניע ראשון לציון און לעצטענס פֿערוואלטער פֿון א רוסישער באנק אין זיטאָמיר.

— אלע, וועלכע האבען נישט איינגעצאָהלט דאָס גאנצע געלד פֿאר די אקציעס פֿון דער יודישער קאלאָניאל־באנק, וועלען די טעג בעקומען די לעצטע התראה, אז אויב זיי וועלען נישט איינצאָהלען וואָס פֿון זיי קומט ביז דעם 31 מאַי, וועט זיין פֿערפֿאלען זייער געלד און זיי וועלען נישט קענען האבען קיין שום טענה צו דער באנק.

*

**בולגאריען.** — פֿון סאפיען שרייבט מען: איין יודיש מיידיל פֿון 16 יאהר לינדא עוזיאל האט זיך פֿערליעבט אין א בולגאר מיכאילאוו, איז אוועק פֿון די עלטערן צו איהם אין שטוב און זיך געוואלט טויפֿען. דער סאָפיער אבערראבינער דר. מ. עהרענפרייז האט זיך משתדל געווען ביי דער ממשלה, אז מען זאָל די מיידיל אבנעהמען פֿון איהר געליעבטען און איהם איבערגעבען לויט געזעץ. די פּאָליציי האט טאקי איבערגעגעבען די מיידיל דעם אבערראבינער און זי איז געבליעבען ביי איהם אין הויז איינינע טעג. נאך דעם האט זיך פֿאר דעם אבערראבינער'ס וואָהנונג פֿערזאמעלט א עולם פֿון 3000 מאַן, געוואָרפֿען שטיינער אויף דעם הויז און פֿערלאנגט, אז מען זאָל איהם ארויסגעבען די מיידיל. די פּאָליציי האט אליין גאר נישט געקאָנט טהון און געמוזט רופֿען חיל, כדי צו צוייאָגען דעם המון, די פּאָליציי האט בעשלאָסען, אז מען זאָל די מיידיל צונעהמען פֿון ראבינער און זי האלטען אין דער פּאָליציי, ביז דער המון וועט זיך איינרוהיגען.

*

**ארץ ישראל.** — אין יפו איז ארויס א שמועה אז ר' צדוק הכהן דער אבערראבינער פֿון פֿראנקרייך און ראָטהשילד'ס א זוהן וועלען קומען קיין ארץ ישראל, כדי צו בעזוכען די קאלאָניעס.

---

## אלגעמיינע וועלט נייעס.

**רוסלאנד.** — אויף דער אסיפה פֿון „דער חברה אבצוהיטען די פֿאלקס־געזונדהייט" אין פעטערסבורג האט דר. וו. פ. ניקיטענקא געלייענט א רעפֿעראט וועגען שטערבליכקייט פֿון קינדער אין רוסלאנד. קיין שום מגפה נעמט נישט צו אזוי פֿיעל קרבנות ווי קינדערשע קראנקהייטען. אין 50 רוסישע גובערניעס שטארבען יעהרליך קינדער ביז 1 יאהר — 1,196,674 ביז 5 יאהר — 1,858,850 ביז 15 יאהר — 2,100,757. אין דערפֿער שטארבען מעהר קינדער ווי אין שטעדט, ווייל דאָרט איז דאָס פֿאלק ארימער און אונגעזונדער. קינדער, עלטער פֿון 1 יאהר, שטארבען אין אויעזדנע שטעדט מעהר ווי אין גובערנסקע, ווייל אין די קלענערע שטעדט ווערען נישט געטהון קיין שום מיטעל געגען אנשטעקענדע קינדער־קראנקהייטען, זייגעדיגע קינדער אָבער שטארבען אין גרויסע שטעדט מעהר ווי אין קלענערע, ווייל מען וואָהנט דאָרט צו ענג און אָרים.

— לויט דעם קייזערליכען בעפֿעהל איז דער הויפּט־פֿערוואלטער פֿון די טאָרמעס סענאטאָר מיעשצאנינאוו בעשטימט געוואָרען צו זיין וויצע־מיניסטער פֿון פֿאלקס בילדונג.

— „ראָססיא" איז מודיע, דאָס עס איז פֿארגעלעגט געוואָרען א פּראָיעקט, אז מען זאָל אין די גימנאזיען פֿערקלענערען די צאָהל פֿון די קלאסען פֿון 8 אויף 7, אז מען זאָל די גריכישע שפּראך אין גאנצען אויסשליסען פֿון דער פּראָגראמע און לאטיין זאָל מען לערנען נור אין די העכערע 4 קלאסען. דאגעגען זאָל מען פֿערגרעסערען די למודים אין נאטור־וויסענשאפֿט און אין נייע שפּראכען.

*

**דייטשלאנד.** — אין פֿראנקפֿורט אמיין איז געוועזן איין עקספּלאָזיאָן פֿון 3 דאמפֿף קעסלען אין דער חעמישער פֿאבריק „עלעקטראָן", פֿון וועלכע עס זענען צושטערט און פֿערברענט געוואָרען איינינע הייזער, עס זענען געהרגט געוואָרען מעהר ווי 100 מענשען און דערונטער 2 דירעקטאָרען, 1000 ארבייטער זענען געבליבען אָהן ארבייט. דער שאָדען טרעפֿט אָן בערך 5 מיליאָן מארק.

*

**טערקיי.** — די טערקישע רעגירונג לייזט שטארק פֿון געלדמאנגעל. קרופּפּ דעם בעריהמטען פֿאבריקאנט פֿון הארמאטען קומט א סך געלד פֿאר בעוואפֿנונג פֿון 8 קריעגסשיפֿען, און ער מאָהנט זיין חוב דורך דעם ענגלישען קאָנזול. א שיפֿבוי־פֿאבריק אין גענוא וויל נישט ארויסגעבען 50 טערקישע שיפֿען וועלכע מען האט איהר געגעבען צום איבערארבייטען, ביז מען וועט איהר נישט בעצאָהלען פֿריהער פֿאר דער מלאכה. איין טערקישער קאָנזול ווידער אין דער שווייץ האט צוגעכאפּט נייטהיגע אקטען און פּאפּיערען פֿון קאָנזולאט אלס משכון פֿאר זיין פענסיע.

---

## פֿאר וואס?

מע זאָל געוועזן זאָגען אברהמ'יל קאלקער מיט זיין ווייביל ברײנע באלד נאך דער חופּה, אז, א יאהר נאך דער חתונה, וועלען זיי זיך אזוי מיאוס קריגען, וואָלטען זיי אוודאי די אויגען אויסגעריסען... ער האט דאך זי אזוי ליעב געהאַט...

און ווי האט מען דען זי ניט ליעב? „דאָס שענע ווייביל" — קיין אנדערען נאָמען האט זי ניט געהאַט אין שטעדטיל... זייט ער האָט חתונה געהאַט, האָט דער פּריץ פֿון דער שטאָדט אנגעהויבען ווערען א שטענדיגער קונה ביי זיין מוטער אין קלייט; געהט ער אַריין קויפֿען א פֿלעשעלע פּארפֿום, איז ניט געדונגען — ניט נעד־קוקט, און פֿערשמיעסט זיך מיט ברײנצען אויף גאַנצע שעה'ן.

שבת אין קלויז פֿלעגט זי ביי אַלע יונגע ווייבליך די אויגען אַרויסזעצען.

אין אָוועגד אויפֿ'ן שפּאַציר פֿלעגען מיידליך פֿארביינעהען, אויסשטאָרצען אויגען, אָהן ווערטער זיך גענריסט, בעוואונדערנדיג איהר שענקייט. און ער אליין! נאַנצע שעה'ן פֿלעגט ער זיצען אין זיין צומער אַנטקעגען איהר און קוקען אין איהרע צוויי גרויסע, אפֿענע, מאַגנעטענע קאַרשען־אויגען.

און זי פֿלעגט דעמאָלט שמייכלען מיט'ן גאַנצען פּנים... אפילו די אויערען האָבען, דאַכט זיך, געשמייכעלט... און ער פֿלעגט אזוי קינדיש ווערען, אַז ער פֿלעגט וועלען אַראָבכאַפּען דעם שמייכעל פֿונ'ם פּנים, און... און... ווייס אַליין ניט, וואָס ער וואָלט טהון מיט איהם, סיידען אפשר איינשלינגען איהם.

זי איז איהם ניט גרינג אָנגעקומען: פֿון אַכטצעהן יאָהר אָן האָט מען איהם אָנגעהויבען רעדען שדוכים, און חתונה געהאַט האָט ער ערשט אויפֿן דריי און צוואָנציגסטען. שווער האָבען זיך איהם צוגעשלאָגען שדוכים; זיינע עלטערן האָבען מיט איהם שטאָלצירט: „סטייטש, א בן יחיד! פּטור פֿון סאָלדאַטען! און דערצו איין איידעל יונגיל, צו גאָט און צו לייט! א לייטישע משפּחה; היינט זשע איבער הונדערט יאָהר וועמענס איז דאָס גאַנצע געוועלב מיט'ן גאַנצען פֿאַר־מעגען, אַז ניט זיינס?"

דאָך האָט זיך איהם פֿון דער היים אָדער פֿון די נאָהנטע שטעדטליך קיין שידוך ניט צוגעשלאָגען, ווייל קיין שום מ ידיל האָט זיך ניט געפּאַסט צו זיין א שנור ביי שיינדיל ספּאָדיק, ווי מען פֿלעגט רופֿען אברהמ'ילם מוטער; זי האָט געהאַט א שם פֿון א פֿייעריגע, א בייזע, א קריגערין. אין שטאָדט און אין די נאָהנטע שטעדטליך האָט מען זי גערופֿען מיט פֿערשיעדענע נעמען: שיינדיל דער זָכָר, שיינדיל ספּאָדיק, שיינדיל פּיסק און ד. ג.

אַם ענדע האָט זיך שיינדיל געוואַנדט צו „פייבוש מלמד", וועלכער פלעגט זיך איבערשרייבען מיט שדכנים, און פלעגט תמיד אַנווייזען דעם אַדרעס צו זיך „פייבושו לאַנדשַדכְנוּ" און לֶיתֶר בְּאוּר צו שרייבען "מְלַמְדוּ".

און פייבוש האָט געזוכט, געזוכט און געפונען בריינען, און אַ זעלכעס האָט ער טאַקי נור פון דערווייט געקאָנט אויסזוכען אַברהם'לען: אַזוי שען, אַזוי געבילדעט אַזוי אַ מויל צום רעדען — דער מלכות מעג מיט איהר רעדען.

און אַברהם'יל מיט בריינען האָבען זיך ביידע בעשעצט גליקליך. בעסערס האָט זי זיך אויך קיינמאָל ניט געוואונשען. דאָס ערשטע יאָהר נאָך דער חתונה איז געוועזען אַ לאַנגער יום־טוב: אָט איז מען געפאָהרען צו שווער און שוויגער אויף קעסט... אָט צו טאַטע־מאַמען... שטענדיג און אומעטום געסט. און אומעטום אַזוי צופריעדען! אומעטום טרעט מען אָב דעם וועג! מע בלאָזט דיר אָב דאָס אָרט!..

„אנגעטהון זיך און נעגאַנגען... עסען און איבערגעטהון זיך און—אויף וויזיטען... און ווידער איבערגעטהון זיך און אוועקגעזעצט זיך אין יענעם צימעריל קוקען זיך שווייגענדיג אין די אויגען... אָך ס'איז אַ לעבען געוועןְ. אַ לויטערער הימעל און אַ ליכטיגע זון.

עס פלעגט זיך אַ מאָל פערוואָלקנען דער הימעל מיט שטיקעךליך זילבערנע, זיירפאַרמיגע וואָלקענדליך: ממש ווי קליינע קינדערליך פלעגט מען פלוצלינג ברוגז ווערען.. איינער צום אַנדערען מיט'ן אַקסעל אייסנעדרעהט שטעהן... אין מיסטען שווייגען... אויף צו להכעיס זיפצען... און דעמאָלט, האָט זיך געוויזען, זענען זיי ביידע צוויי אומגליקליכע יתומים... פרעמדע אָבגעריסענע ברעטער אויפ'ן ברייטען ים...

דערפאַר אָבער ווי העל האָט ווידער געשיינט די זון, אַז די וואָלקענס האָבען אָבגערעגענט; אַז אַברהם'יל אָדער בריינע, אָדער ביידע אין איינעם, האבען אָבגעוויינט, און זיך איבערגעבעטען! עס האָט זיך געוויזען, אַז ס'איז כדאי זיך עפּטער צַנברוגז'ען, כדי מע זאָל זיך נאָכדעם אַזוי איבערבעטען.

נאָר היינט?...

אַברהם'יל וויל זיך אַמאָל דערמאַנען פון ווען און פון וואַנען האָט זיך אָנגעהויבען ביי זיי דער ערשטער קריג ׳ ווי אַזוי האָט ער פלוצלינג זי אָנגעהויבען שיקען צום שוואַרצען יאָהר, און זי איהם צו אַל'דע רוחות? פון ווען אָן האָט ער איהר אָנגעהויבען הייסען „צוזעצט ווערען", און זי איהם — „צוזעצט און צופיקעט ווערען"?,

פלוצלינג פאַלט איהם איין צו שרייען איהר: „שלימזלניצע! טשערעפאַכע! קוהענע אויגען! ס'איז דאָך אַ בזיון פאַר זיך צו זאָגען עפּיס איהרע אויגען!"

פלוצלינג פאַלט איהר איין צו שרייען איהם: „שאַרלאַטאַן! מאַרק־בחור! נראָבער יונג". ווען ער איז געווען ביים שווער אויף קעסט, האָבען דאָך זיך אַלע משכילים פון שטאָדט געשמאַלצען איבער איהם!"

און זיי מאַטערען זיך ביידע צו געפינען, פון וואַנען ס'האָט זיך אָנגעהויבען ביי זיי דער ערשטער קריג, און קאָנען זיך ניט דערשלאָגען...

לייטען בעשולדיגען אין דעם שיינדלען: „ס'איז איהר אַרבייט, זאָגען זיי, וואָס דען? שיינדיל ספּאָדיק וועט אויסקומען מיט אַ שְׁנור?!"

נאָר בריינע וויים — ס'איז ליגען. אַז זי בריינע קומט אין כעס אַריין, פאַלט זי אָן אויף די שוויגער, מאַכט זי מיט דער בלאָטע.. און יענע, אין ליידען, טרעט איהר אויס דעם וועג. „וואָלט ער אויסגעטרעטען!"

אַברהם'יל האָט שוין פיעל מאָל גענומען אויף זיך בְּנֶדֶר, אַז ס'וועט איהם אָנקומען דער כעס, — זאָל ער שווייגען, זאָל ער אַרויסגעהן פון שטוב, זאָל ער צעהלען ביז הונדערט, ער האָט זיך שוין אַפּילו אָנגעגרייט אַ שפּיגאַט אין קעשענע, אַז ווען ס'וועט איהם אָנקומען דער „מאַמעס כהן" זאָל ער דעם שפּיגאַט צורייסען..

נאָר ס'העלפט ניט: אַז ער געפינט זיך עפּיס פון איהר נעךרייצט! איידער ער דערמאַנט זיך אין די נדרים מיט קלוגע עצות, האָט ער איהר שוין נעגעבען איבער'ן טאַטען! אויסגערעכענט און אויפגעגראָבען אַלע טויטע פריינד פון די קברים! און זי אַליין — געמאַכט מיט דער בלאָטע!...

„און זי זאָל'ס איינמאָל איבערשווייגען! ניין! זי צאָהלט מיט פּראָצענט!

„געקריינט וואָלט זי ביי מיר געוועזען, ווען זי זאָל מיר איבערשווייגען מיין משוגע'נע מינוט! זאָל זי מיר אַפּילו זאַמד אין די אויגען שיטען, וואָלט איך נור לאַכען און שווייגען!"

נאָר פונקט דיזעלבע טענה האָט זי אויך: „די בייזע מינוט, ווען ער זאָל מיר נור איבערשווייגען! נאָכדעם וואָלט איך אַלעס אויסטראָגען!"

אַ מאָל האָט'ס שוין געהאַלטען ביי גט. זי איז אַהיים געפאָךברוגז צו איהרע עלטערן. מחותנים האָבען זיך אַוועקגעלעגט אויף גט. ס'האָבען זיך אויפגעדעקט אַלטע חשבונות: שיינדיל האָט נאָך פון דער חופה אָן געטראָגען אַ האַרץ מיט וועהטאָגען: „משטיינס געזאָגט איין׳ אויפנעמעניש מ'האָט אונז אויפגענומען! ערשט פאַר נאַכט האָט מען זיך דערמאַנט צו שיקען עסען! היינט צום מיטאָג צום אוועקפאָהרען!" זי געדענקט אַלעס.

בריינע'ס פאָטער איז געוואָהר געוואָרען, אַז די משפחה אי ניט לפי כבודו, און ס'איז געבליבען אויף גט.

נאָר אַז ס'איז געקומען צום גט, האָבען זיי זיך ביידע צוויינט, ביידע, אַי אַברהם'יל אַי בריינע, זענען געוואָהר געוואָרען, אַז זיי ווילען זיך ניט גט'ען. —

בריינע'ס פאָטער איז אין כעס געוואָרען, און זי אָנגעטריבען. שיינדיל האָט געזאָגט, אַז אַברהם'יל זאָל זיך ניט איינשטעלען צו קומען מיט דער מכשפה זיינער אויף איהר שוועל. אַברהם'יל איז אַראָב פון קעסט און געוואָרען „בעל בית" פאַר זיך...

אַברהם'יל מיט בריינען צעהלען שוין דאָס צוואַנציגסטע יאָהר פון זייער חתונה. בריינע האָט שוין קיין בייז אויג זעקס קינדערליך, ניט צו פערזינדיגען דאָס זיבענטע, מיט וועלכען זי איז שוין אין די טיעפע חדשים, בריינע דאַרף שוין באַלד־באַלד דעם עלטערן זוהן שטעלען צום ושערעב. דאָך איז זי נאָך גענוג שען. אַברהם'יל האַלט אויך פון איהר „עולם ומלאה!" זיי האָבען זיך ביסליכווייז צוגעוועהנט צו זייער לעבען פון קריגען און איבערבעטען זיך. די לעצטע יאָהרען האָט אויפגעהערט ביי זיי דאָס קינדערשפּיעל פון „איבערבעטען", מע קריגט זיך, מע קריגט זיך, ביז מ'הערט זיך אויף צו קריגען, נאָכדעם וואַרט מען אָב, ביז מע קריגט זיך ווידער.—

און אין אמת'ן צו וואָס איז דאָס איבערבעטען? אַז נישט, איז דען אייִמיצער ברגז? ווייסט דען ניט ברײנע, אַז ער וואלט זיך מקריב געווען פֿאַר איהר, האָטש ער זאָגט איהר צעהן מאָל אין טאָג, אַז ער דאַרף זי אויף כפרות"?!

און אַז זי שרייט אברהם'לען „שכור!" מיינט זי עס דען ערנסט? זי אַליין גרייט איהם אָן בראָנפֿען צום עסען און דערמאַנט איהם, ער זאָל טרינקען! זי ווייס, אַז אָהן אַ ביסיל בראָנפֿען האָט ער קיין אַפּעטיט צום עסען.

און אַז ער האָט פֿאַראיאָהרען ערב יום כפור זי געשאלטען מיט טויטע קללות, געווינשען זיך איין אלמן צו בלייבען מאָרגענדיגען טאָג — און אַז זי איז טאַקע מאָרגענדיגען טאָג צו גאָטס נאָמען עפּיס קראַנק געוואָרען — האָט ער דען ניט איינגעלעגט די וועלט? געקלאַפּט דעפּעשען נאָך דאָקטוירים. דריי נעכט ניט געשלאָפֿען.. ניט אבגעטרעטען פֿון איהר בעט.

נו, און טאַקע דעמזעלבען ערב יום כפור, האָט זי איהם דאַכט זיך געשאָלטען אין טאַטען.. געזאָגט וואָס אין דער קאָרט.. געווינשען, די קינדער זאָלען מאָרגען קדיש זאגען נאָך איהם... און פֿונדעסטוועגען זאָל מען נור געווען זיך צוהערען צו איהר ליכטבענשען טאַקי יענעם ערב יום כפור פֿאַר נאַכט, ווי זי האָט אָנגעלעגט די וועלט: „אריכות ימים מיין מאַן!"..

עט נאַרישקייט! מע זאָגט ניט אָב קיינעם קיין האַנד מיט קיין פֿוס! קללות פֿון „מאַן און ווייב" — זענען ברכות.

מע וואָלט געקענט כמעט זאָגען אַז זיי לעבען זיך גליקליך. אויף פרנסה איז זיך נישטאָ וואָס צו בעקלאָגען: אברהם'יל איז אַ ניכטערנער יונג, האָטש ברײנע רופֿט איהם צומאָל „שכור"; ער מאַכט קיינמאָל ניט קיין שלעכטע געשעפֿטען. ברײנע איז צו דער קלייט איין בריה, האָטש ער שרייט איהר אַ מאָל „שלימזלניצע" — נאָר מיט איין זאַך האָט זיי גאָט געשטראָפֿט מיט קינדער.

און מיינט איהר אפֿשר — ניט קיין לייטישע קינדער?

אַלע מאַמעס מעגען זיך ווינשען אַזעלכע קינדער צו האָבען: שען — די מוטער אויס'ן אויג; קלוג אין דעם פֿאָטער געראָטען; געבילדעט — לויט קינדער פֿון זייער גלייכען. נאָר — אַ קללה פֿון גאָט! דֶרֶך אֶרֶץ — פֿאַר דער גאַנצער וועלט — יאָ, נאָר נישט פֿאַר פֿאָטער און מוטער! זיי זידלען דעם פֿאָטער, זיי זידלען די מוטער מיט ערגסטע זידלערייִ אַזוי, אַז ס'איז נור אַ בושה פֿאַר לייטען.! און ווי פֿיעל זיי זענען געווען קליין, האָט קיין שלעג ניט געהאָלפֿען!.. און זינט זיי זענען אונטערגעוואַקסען — העלפֿט זיי קיין מוסר ניט!...

און ברײנע ליגט ביי נאַכט אויפֿ'ן געלעגער, און קאָן ניט אַנשלאָפֿען ווערען פֿאַר וועהטאָג: זי דערמאַנט זיך אין דעם קריג, וואָס ס'איז היינט געווען צווישען אברהם'לען מיט'ן עלטערען זוהן:

„וואו האָט זיך דאָס געהערט אויף דער וועלט, רבש"ע? אַ קינד זאָל שרייען דעם טאַטען שכור?!"

„פֿאַר וואָס? פֿאַר וועלכע זינד, רבש"ע, קומט עס מיר אַ זעלכע קינדער? פֿאַר וואָס? פֿאַר וואָס?"

און אברהם'יל האַלט זיך שוין פֿון אַ שעה אין אויסטהון צום שלאָפֿען, און האָט זיך נאָך ניט געלעגט, ער האָט זיך דערמאַנט, ווי דער קליינער יעקע'לע, וועלכער געהט נאָך אין חדר, האָט זיך היינט גערעכענט מיט דער מוטער. —

„וואו האָט מען עס נאָך געהערט, אַ קינד זאָל זאָגען דער מאַמען: „שלימזלניצע, איך דאַרף דיך אויף כפרות מיט'ן איבערבייסען אין איינעם!"?

„פֿאַר וואָס, רבש"ע, קומט מיר אַזאַ שטראָף? וואָס בין איך זינדיגער פֿון דער גאַנצער וועלט? פֿאַר וואָס? פֿאַר וואָס?!.."

פֿאַר וואָס? יהודה שטיינבערג.

# דאס געעפענטע פענסטער.

(ענדע).

ציפּע איז בעשטאַנען, און חיים איז אַוועקגעלאָפֿען צום דאָקטאָר פֿונ'ם צווייטען הויף.

— גרייט אָן אין אַ פּאַפּיריל האָטש פֿינף גולדען, שרייט חיים אַרויף פֿון די טרעפּ.

—· כ' וועל איהם אפילו אַ רובל נישט זשאַליוועז, ענטפֿערט ציפּע, לאָז ער נור מיין אַלטער־לעבען ראַטעווען—. ציפּע האָט אָבגעצעהלט פֿינף גולדען, האָט זיך אויף אַ מינוט פֿערטראַכט און האָט אַראָבגענומען צוואַנציג גראָשען און די פֿיער גולדען מיט צעהן גראָשען האָט זי איינגעוויקלט אין אַ אומריין פּאַפּיריל.

ס'האָט גערויערט אַ פֿערטעל שעה, ציפּע'ן האָט זיך געדאַכט, אַז ס'איז אַ יאָהר און חיים האָט געבראַכט דעם „יונגען" דאָקטאָר, אַ מענש פֿון אַ יאָהר פֿערציג, די אַלטע מאַמע איז אַרויסגעקראָכען פֿון אונטער'ן אויווען.

— ס'איז דאָך ביי אייך הייס און דעמפּיג ווי אין גיהנם, און דער נאַפֿט שטינקט זעהר, האָט אַ געשריי געטהון דער דאָקטאָר אַריינגעהענדיג אין שטיביל און האָט אָפֿען געלאָזט די טהיר. ציפּע איז דאָך אָבער אויך קיין נאַר נישט און האָט באַלד טאַקי צוריק פֿערמאַכט, דעם דאָקטאָר האָט בעדעקט אַ שוויס. ער איז צוגעגאַנגען צום פֿענסטער און האָט אַ שטויס געטהון. חיים שטעהט און קוועלט אין זיך. ווי וואהל, טראַכט ער זיך, האָב איך געטהון, וואָס כ'האָב פֿערשלאָגען דאָס פֿענסטער.

— ווי קענט איהר דאָ איינזיטצען אין אַזאַ היטץ און דעמפּיגקייט? שרייט דער דאָקטאָר נישט מיט זיין שטימע.

— וואָס טהוט מען דען נישט פֿאַר קינדער? ענטפֿערט מיט אַ שמייכעל חיים.

— איהר הרג'עט דאָך אבער דאָס קינד, זאָגט ווייטער דער דאָקטאָר איינביינענדיג זיך צום וויעגעל. „זעהט נור, ווי ס'ליגט נעביך, ווי אין אַ טייך, און נאָך אין 2 לייבליך, דער דאָקטאָר האָט זיך אָנגעחאַפּט ביים קאָפּ. און וואונדער זיך, פֿאַר וואָס ביי אַזעלכע מענשען קריינקען קינדער! עפֿענט ס' פֿענסטער און לאָזט אַריין אַביס'ל פֿרישע לופֿט, אין דרויסען איז דאָך אַזוי שען, תמוז! ס' קינד וועט באַלד אויפֿלעבען."

חיים הויבט מיט די פּלייצעס און ציפּע גראַבעלט אין דער קעשענע: זי האָט אַרויסגענומען פֿון פּאַפּיריל צוויי צעהנערס.

נו, נו, מע וועט שוין עפֿענען, בערוהיגט די אַלטע מאַמע דעם דאָקטאָר. דער דאָקטאָר האָט אַרויסגענומען דאָס נאַסע קינד פֿון וויעגעל, אויסטהון האָט ציפּע נישט געלאָזט און דער דאָקטאָר האָט געמוזט פֿערקאַטשען די לייבליך מיט'ן העמדיל ביז אַרויף. ס' איז נישט לייכט אָנגעקומען, דאָס קינד וויינט מיט די לעצטע כחות און ציפּע שטעהט און פֿלאַטערט, ס' קינד זאָל זיך חלילה נישט פֿערקיהלען, דער דאָק־

טאָר האָט שנעל אַרומגעקוקט דאָס קינד, אויפֿגעריסען די פֿערקלעפּטע ברעמען און צוריק אַריינגעלייגט אין וויעגעל אַריין.

— ס׳ קינד האָט די אייגעליך געעפֿענט, זאָגט אָן ציפּע חיים׳ן די בשורה, דער דאָקטאָר האָט דערווייל אויפֿגעשריבען מיט אַ בלייפֿעדער אַ רעצעפּט אויפ׳ן שעך פֿון אַ סידור, האָט געהייסען געבען אַלע שעה אַ פּראָשעק, האָט בעקומען דאָס פּאַפּיריל, האָט ווייטער געשריגען, מע זאָל עפֿענען דאָס פֿענסטער און אויסלעשען דעם שטינקעדיגען לאָמפּ און איז אַרויסגעלאָפֿען, ווי מען ענטלויפֿט פֿון אַ שריפה.

— אפשר וואָלט נישט געשאַדט געהאַקטע באַנקעס ? שרייט איהם נאָך ציפּע.

— ס׳איז נישט דאָ וועמען צו האַקען, ענטפֿערט דער דאָקטאָר, וועלכער איז שוין געוועזען אויפ׳ן צווייטען שטאָק. מע דאַרף דאָס פֿענסטער עפֿענען.

— און אַביסיל ווייַן מעג מען געבען ? שרייט ווייטער ציפּע.

דער דאָקטאָר איז שוין אונטען, חיים וויל נאָכלויפֿען דעם דאָקטאָר און וויל מאַכען צוויי שטייגען אויף אַמאָל, די אַנגעדראַלענע פֿיס לאָזען אָבער נישט. ער שלעפּט זיך קוים אַראָב און טרעפֿט שוין דעם דאָקטאָר ביים טויער, וואָס דער סטריזש עפֿענט שוין.

— הערר דאָקטאָר ! וואָס זאָגט איהר צום קינד ? פֿרעגט איהם חיים אין איין ציטערניש.

— וואָס זאָל איך זאָגען ? ענטפֿערט דער דאָקטאָר, אָבווישענדיג דעם שוויים פֿון שטערען, „ס׳ קינד איז געפֿעהרליך קראַנק, ס׳האָט אַ לונגענאָנצינדונג פֿון ביידע זייטען.

— אָבער קיין סכנה איז נישט דאָ ? פֿרעגט ווייטער חיים אין איין שרעק.

— סכנה ! אַוודאי איז אַ סכנה, ביי אייך אונטערען דאַך וואָלט דער געזונדסטער קאָזאַק קראַנק געוואָרען, עפֿענט האָטש איצט אויף דאָס פֿענסטער, אפשר וועט נאָך גאָט העלפֿען.

חיים האָט זיך קוים אַרויפֿגעשלעפּט אַהיים.

— וואָס האָט ער געזאָגט ? פֿרעגט ציפּע.

— וואָס זאָל ער זאָגען ? ענטפֿערט חיים, ער האָט געזאָגט ווי אַלע דאָקטוירים זאָגען : גאָט וועט העלפֿען, און דאָ, האָסטו דאָך געהערט, וואָס ער האָט געזאָגט, מ׳זאָל עפֿענען דאָס פֿענסטער.

— לאָז ער זיך זיין קאָפּ פֿערדרעהען, שרייט ציפּע, „אָה האָסטו די מאַמע מיט איהרע שמאַקטוירים. דו ווייסט חיים! כ׳ נעם נישט זיינע פּראָשקעס. ער האָט דאָך געוואָלט דאָס קינד איבערפֿיהרען, באַנקעס־נישט און עפֿענען דריי פֿאַרטאָג אַ פֿענסטער יאָ.

חיים זעצט זיך אַנידער, ער שפּירט נעביך קיין שום אבר, און די פֿיס זענען שווער, ווי די קלעצער, די אַלטע מאַמע פּאָרעט זיך נעבען אויווען און לייגט אָן אַ פֿייער. מען דאַרף, זאָגט זי, מאַכען הייס וואַסער און פֿערבריהען ברוסט־טהעע ; ס׳איז גאַנ׳ץ גוט צום הוס. ציפּע וויעגט און דאָס קינד קוקט אויף איהר עפּיס מיט גלעזערנע אויגען.

— גוואַלד, חיימשי, הויבט ציפּע אָן צו וויינען, מיר ראַטיווען גאָר נישט דאָס קינד, ס׳קינד איז חרוב. אוי ! אַזאַ בריליאַנט, אַזאַ אומשולדיג שעפֿעלע, וואָס שווייגט מען : לויף און ברייננ נחמן־מענדל׳ן.

חיים האָט זיך אַוועקגעשלעפּט. ציפּע קען נישט איינזיצען. „דעם נעכטיגען טאָג", זאָגט זי צו דער מוטער, „האָט מען פֿערשפּיעלט חשך איז מיר, מען האָט נאָך בעדאַרפֿט נעכטען אַראָב־ברענגען עפּיס אַ רעכטען דאָקטאָר. ווער האָטש צוזעצט רעדענדיג, אַז ס׳איז נישט דאָ מיט וועמען צו רעדען. און חיים איז דער געהער, אַז ער געהט אַראָב, פֿערגעסט ער צוריקצוקומען ; מאַמע ! זאָגט ווייטער ציפּע, איך שטעה אויף, זעץ דיך אַנידער נעבען וויעגעל און איך וועל אַליין טהון אַ שפּרונג צום רופא. דער גרויסער מאַן, ער לאָזט זיך אויך לאַנג בעטען"

ציפּע האָט געהאַפּט אַ טיכיל אויפ׳ן קאָפּ און איז אַוועקגעלאָפֿען.

די ערשטע שטראַהלען פֿון דער תמוזדיגער זון גנב׳ן זיך אַריין דורך די דיקע קאַלדרע אין דער פּאַציאַטקע אַריין, דער פֿערדרעהטער לאַמפּ, אויסער דעם, וואָס מע שפּירט איהם, קנאַקט אַלע ווײַלע, דאָס קינד אַרבעט מיט די זייטליך... די אַלטע באָבע האָט זיך איינגעבויגען... האָט עפּיס גענומען וואָס אין דער האַנד און האָט דאָס קינד נָפְסַלְת, האָט די הענד געוואַשען און האָט אָנגעהויבען שטילערהייט עפּיס צי מימלען מיט די אַלטע ליפּען.

חיים מיט ציפּע׳ן זענען געקומען פֿערסאַפּעט, זיי האָבען געבראַכט נחמן־מענדל דעם רופא, אַ יוד פֿון אַ יאָהר פֿיפֿציג מיט אַ רויטליכער נאָז, ער האָט איבערגעלייענט דער דאָקטאָרס רעצעפּט, האָט געהייסען לויפֿען אין אַפּטייק און ברייננען די פּראָשקעס. אַליין האָט ער פֿערשריבען טראָפּענס, און דעם יונג, זאָגט ער, וועט ער שיקען צו שטעלען טרוקענע באַנקעליך.

— אפשר פֿאַרט געהאַקטע ? בעט זיך ציפּע רחמים.

— ניין, זאָגט נחמן־מענדל, איהר ווייסט דאָך, אַז אַ דאָקטאָר איז נור געוועזען, וועל איך שוין נישט האַקען אָהן זיין ערלויבניש.

— אה׳ ר׳ נחמנצי, האָט זיך ציפּע צעוויינט, וואָס האָט מיר געטוינט דער דאָקטאָר. ביי לייטען ראַטעוועט מען, מע האַקט באַנקעס, מע שטעלט פּיאַווקעס, און אויף מיר, מ׳שטיינס געזאָגט, האָט זיך די גאַנצע תוכחה אויסגעגאָסען.

— נו, נו, ענטפֿערט דער רופא. אַ גוטען טאָג, גיט די פּראַשיקליך און די טראָפּענס...

— און אייער נעכטיגס מעדעצינדיל ? פֿאַלט איהם ציפּע אין די רייד אַריין.

— גיט אַ שעה די טראָפּענס און אַ שעה ס׳מעריצינדיל, און פֿון צייט צו צייט אַ פּראַשיקיל. גאָט קען נאָך העלפֿען. דעם יונג וועל איך באַלד שיקען. אַ גוטען טאָג.

חיים האָט געבראַכט די פּראַשקעס און די טראָפּענס, ציפּע האָט אַנידערגעשטעלט דאָס „מעדעצינדיל" אויפֿ׳ן פֿענסטער, און די טראָפּענס אויפ׳ן קאַמאָד, כדי זי זאָל געדענקען, וואָס צו געבען פֿריהער, און וואָס שפּעטער. די באָבע האָט פֿערבריהט ברוסט־טהע און מען האָט אָנגעהויבען ענערגיש איינצוגעבען. האָטש מעהר ווי העלפֿט גיסט זיך אויס, ווייל דאָס קינד שפּייט אויס און שלינגט נישט אַראָב. שוויַיגען — שווייגט מען נישט. חיים האָט זיך געשטעלט דאַווענען.

ס׳האָט נישט לאַנג געדויערט און ס׳איז אַריין געקומען מיט אַ ברייטען גוט־מאָרגען דער „יונג", אַ דאַר יונגיל פֿון אַ יאָהר פֿערצעהן אויפ׳ן קאָפּ אַ וואַלד מיט האָר און אַ קליין קאַפּעלושיל, און אַ קאַליערט פֿאָרהעמדיל אָהן אַ קאָלנער מיט אַ קעסטעלע אין דער האַנ־.

די באַבע האט איהם דערלאַנגט וואַרים וואסער, מען האָט ווייטער פערקאַטשעט דעם קינד די לייבליך, דאָס קינד לאָזט מיט זיך טהון, וואָס מען וויל. דער יונג האָט אננעצונדען אַ הלב׳דיג לעכטיל, ארויס־גענומען אַ רוט פונ׳ס בעזעם און ארומגעוויקעלט מיט אַ שטיקיל וואַטע, איינגעטונקט אין אַ פלעשיל מיט אביסיל שפירט, אנגעצונדען און אָנגעהויבען צו שטעלען די באַנקעס. אָבער ציגד היינט, ציגד מאָרגען. ער האט אפילו אפאר מאל דאָס קינד אָבגעבריהט, דאָס קינד טהוט אַ צאַפּעל, די באַנקעס ווילען זיך אָבער בשום אופן נישט האלטען.

— וואס זשע טהוט מען ? וויינט שוין ציפע אויפ׳ן קול.

דער „יונג" האָט זיך אביסיל פערטראַכט און האָט געהייסען געבען אַ טעפּיל וואַרים וואסער. ער האָט אַרויסגענומען פון קעסטיל אַ פאַפּיריל מיט עפּיס אַ פּראָשעק, האָט אריינגעשאַטען אין טעפּיל אריין, און האט אויסגעמישט מיט׳ן פינגער, דערנאָך האָט ער ארויס־געצויגען פון בוזעם־קעשינע אַ בלעכענעם שפריצער, האט אָנגעצויגען פונ׳ם טעפּיל, אריינגעשטעקט דעם קינד און מיילעכיל אריין און האָט אָנגעהובען אויסצושפּריצען העם האַלז. דאָס קינד איז נעבליבען כמעט אָהן אטהעם. „ס׳שאדט נישט", זאָגט ער, „ס׳קינד וועט באַלד קומען צו זיך".

— אפשר בעדאַרף מען נאָך עפּיס ? בעט זיך ביי איהם ציפע.

— ריציג־אייל האט איהר ? פרעגט דער יונג.

ציפה האט זיך איינגעבוינען און האָט פון אונטער׳ן בעט ארויסגעשאַרט אַ פלעשילע בעדעקט מיט שטויב און האָט דעם יונג דערלאַנגט. דער יונג האט אנגענאָסען אין צינערנעם טעפעלע ריצינ־אייל, מיט צוויי פינגער פון דער לינקער האַנד האט ער פערמאַכט דעם קינד די נאָזלעכער און מיט דער רעכטער האט ער אריינגעגאָסען אין מיילעכיל אריין דעם ריצינאייל: דאָס קינד האט נ ע מ ו ז ט אַראָבשלינגען.

דער יונג האָט זיך אָבגעזעגנט און איז אַוועקגעגאַנגען. חיים האָט אָבגעדראַוועט און האָט זיך ארויסגעחאַפּט קיין פּראגא צום רבי׳ן.

דאָס קינד ווערט וואָס אמאָל שוואַכער, ס׳הוסט שוין גאַנ׳ץ זעלטען... ציפע זיצט ביים וויעגעל; זי קען שוין אין זיך מעהר נישט שטיקען: זי וויינט שוין אויפ׳ן קול. ס׳קומען אריין אַ פּאָר שכנתה׳ס, שטעלען זיך אַרום וויעגעל און העלפען קרעכצען. ציפע דערציילט זיי וואָס פאַר אַ נאַכט זי האט געהאַט.

— פאָלגט מיך, רופט זיך אָן רייצה די שמש׳טע, אַ אלטע איינגעגאַרבטע יודענע, פאָלגט מיך און שיקט עמיצען אויף דער דזיקא גאס, אין רחמיאלס הויף וואהנט אַ וואַטענמאַכער פון קוזמיר, ער איז אַ גרויסער בריה אויף העלפען פון זאַפּאַלעניעס".

ציפע זיצט און שאָקעלט זיך, ווי ביים דוכן. כ׳ וועל שוין וואַרטען, זאָגט זי מיט רפואות ביז דער מאַן וועט צוריקקומען פונ׳ם רבי׳ן. די שמשטע איז מסכים.

—וואָס אַ גאָלדען קינד דאָס איז, זאָגט איינע פון די שכנתה׳ס אַ פּשעקופּקא פון אַ יאָהר 50. כ׳וואהן דאך שוין דאָ 6 חדשים און מען האָט נאָר נישט געהערט, אַז אַ קינד איז דאָ אין שטוב. איהר וועט זעהן, ציפע, נאט וועט העלפען.

— ס׳וועט אוודאי זיין אלדעס גוטס, חאפּט זיך ארויס אַ יונג ווייביל, אין אַ רויטער האלקע. דאָס קינד שוויצט אָהן אַ עין הרע. ס׳איז אַ גוטער סמן.

— פאַר וואָס ליינט מען נישט צו קיין אקסעננאַל ? איז זעהר נייגיעריג המה די שוסטערקע, דאָס ציהט דאָך אָב אלע קרענק. דאָס יונגע ווייביל לויפט אראָב קויפען אָקסעננאל. ציפע וויל איהר געבען אַ זעקסער.

נו, נו, זאָגט זי שוין אין דער טיהר, איהר וועט מיר אבגעבען ווען דאָס קינד וועט אי״ה געזונד ווערען.

אין שטיביל איז ווי אויף א יריד, איינע געהט ארויס, צוויי אנדערע קומען אריין. אקסעננאַל איז שוין אויך דאָ און זי ליגט שוין אויפ׳ן קינד׳ס נאָפּעל— ארום אַכט האָט זיך אריינגעקאָלערט ציריל די וועכטערקע, אַ יודענע גרעבער ווי לענגער אין אַ האהרבאַנד. ס׳איז איהר, זאָגט זי, אפילו זעהר שווער אָנגעקומען דאָס ארויפקריכען אויפ׳ן פיערטען שטאָק, די רעמאַטין האבען זיך איהר צושפּיעלט, אָבער ווי קען מען רוהיג איינזיטצען ? זי האָט געהערט אַז מען טהוט נאָר נישט. — זי האָט געטהון אַ וואָרף מיט די אויגען אויפ׳ן קינד און, האָט אַ טיפ געטהון מיט׳ן רעכטען פוס, אַלע יודענעס האָבען זיך דערשראָקען. זעה נור, האָט זי אַ געשריי געטהון, האָבען זיך ארומגעשטעלט ארום וויעגעל ווי די בהמות און גאַפען זיך און דאָס קינד גוס׳ט שוין שיער. ברעננטס גאָרטשיצא, ברעכוויין, חאַפּט דאָקטורים — נו! ריהרט זיך דאָך! אַלע יודענעס זענען זיך צ׳לאָפען, ציריל האָט דערווייל אָנגע־גרייט שטיקעליך לייוואַנד. אין שטיביל קאָכט ווי אין אַ קעסיל. איינע האָט געבראַכט גאָרטשיצא, די צווייטע האט געבראַכט ברעכ־וויין, די דריטע נאָרטשיצא און ברעכוויין. מע האָט אָנגעשמירט די שטיקליך לאַווענד מיט גאָרטשיצא און ארומגעלעגט דאָס קינד פון אויבע׳ן ביז אַראָב: אויפ׳ן שטערן, אויפ׳ן קאַרק, אויף די פלייצעליך, אויף די לידקעס, אויף די סטאפּעס. דאָס קינד האָט אַלעס ערלויבט, אָבער טרינקען דעם ברעכ־וויין האָט עס שוין בשום־אופן ניט געוואלט.

— „ס׳ קינד ברעכט „ שוין נישט אראָב" האָט אַ זאָג געטהון ציריל די וועכטערקע מיט אַ קול פון אַ פּרעזעס, ווען ער לייענט פאָר דעם טויט־דעקרעט. כ׳ בין צו שפּעט געקומען. די פּאָר ווערטער האָבען געווירקט ווי אַ עלעקטרישער פונק. אין איין אויגענבליק איז דאָס שטיביל פול געוואָרען מיט געוויין, ס׳ איז שוין שווער געוועזען צו דערקענען, ווער איז ציפע, און ווער איז נישט ציפע.

מע פיהרט ארויס ציפע׳ן. „און דאָס מיידעלע טראָגט אראָב צו מיר", האָט געגעבען ציריל אַ בעפעהל. דריי־פיער יודענעס האָבען זיך געוואָרפען צו ציפע׳ן און האבען זי ארויסגעשלעפּט. „אָ מיין טהייער בן־יחיד׳ל, שרייט ציפה. לאָזט מיך חאָטש אויף איהם אַ קוק טהון, כ׳האָב דאָך נישט זוכה געווען אפילו מיט איהם זיך אנצושפּיעלען. וועה איז דער מוטער".

ס׳האָט איהר נאָר נישט געהאָלפען, מע האט זי ארויסגעפיהרט. איינע פון די שכנתה׳ס האָט אַראָבגעטראָגען די פערשלאָפענע רבקה׳לי צו צירלען. ביים קינד איז געבליבען ציריל.

„באַבע, מע בעדאַרף ברענגען א פּאָר לעכטליך" האָט ציריל ווייטער געגעבען א בעפעהל.

די פינסטערע באַבע לעבט איבער מ׳שטיינס נעזאָגט די אייניקליך, האָט געענטפערט די אַלטיטשקע מיט אַ זיפץ און איז אַראָבגעגאַנגען ברענגען ליכטליך. — — — — — — — — — — — —

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

חיים לויפט דערווייל פערסאַפּעט מיט דער ידיעה פון רבי׳ן אַז מען זאָל רופען דעם דאָקטאָר קושאַרסקי; נאר אויפ׳ן הויף בלייבט ער ווי פערשטיינערט: דאָס פענסטער איז שוין אָפען...

דר. גרשון לעווין.

# דער בַּעל־שֵׁם־טוֹב (בעש"ט),

## זיין לעבען און זיין שיטה.

III

וואו דער בַּעל־שם האָט שטענדיג געוואהנט אין דער עשטער צייט פון זיין ווירקען ווי אַ בעל־מופת, איז ניט בעקאַנט. מיר טרעפען איהם אין פיעל שטעדט און שטעדטליך פון פאדאליען און וואהלין: אין זאסלאוו, נעמיראוו, באר, פולנאה, טולטשין, קאמיענקע, חמיעלניק, ביעלאצערקאוו, שארגאראד און אַנדערע. אין פיער יאָהר אַרום נאָך זיין „התגלות" האָט ער שוין געהאַט אַסך תלמידים און מקורבים, וואָס האָבען פערשטאַנען, אַז דער בעל־שם איז ניט קיין פּראָסטער קונצענמאַכער, ווי אַנדערע בעלי־שמות, זיי האָבען געזעהען, אַז ער איז אַ גרויסער לעהרער אין מוסר און רעליגיעזע פראַגען. דער בעל־שם הויבט זיך אָן צורופען „בעל־שם טוב" אָדער ב ע ש " ט, כדי זיך דורך דעם צו אונטערשיידען פון אַלע אַנדערע בעלי־שמות, און ער זוכט אַ שטאָדט, אין וועלכער ער זאָל זיך קאָנען בעזעטצען אויף שטענדיג, דאָרט זאַמלען אַרום זיך פיעל תלמידים און פון דאָרטען פערברייטען זיין שיטה אין גאַנץ פוילען. ער האָט אויסגעקליעבען צו דעם צוועק דאָס קליינע שטעדטיל מ ע ד ז ש י ב אָ ז אָדער מ ע ז ש י ב ע ז ש, וואָס איז בעריהמט מיט איהר שענער געגענד און מיט איהרע פּראַכטפאָלע וועלדער. דאָ האָט ער חתונה געמאַכט פאַר אַ שיינקערס ר׳ יחיאל ר׳ ברודים אַ זוהן, זיין איינציגע טאָכטער אָדל. דאָ האָט איהם זיין ווייב חנה, אָהן זיין ידיעה, אויסגעבויט אַ הויז פון דעם, וואָס זי האָט אָבגעשפּאָרט פון איהרע הוצאות אין דער הויזווירטהשאַפט. דאָ פלעגט ער ערציעהען ביי זיך אין שטוב קליינע קינדער, בעזונדערס יתומים און יתומות, וואָס ער פלעגט זיי דערנאָך חתונה מאַכען, האָטש ער אַליין איז תמיד געווען אָרים. אַזעלכע ערצויגענע קינדער פלעגען איהם זיין זעהר איבערגעגעבען און דורך זיי איז זיין תורה פערברייטערט געוואָרען אויף דער גאַנצער וועלט אין אַזאַ קורצער צייט. בעזונדערס פלעגט ער ליעב האָבען קינדער, וואָס האָבען געהאַט אַ גוטע שטימע צום זינגען. זיי פלעגט ער מיטנעהמען אויף זיינע נסיעות און פלעגט זיך בעריהמען מיט זיי. אפילו אַז ער פלעגט הערען אַ גוי שען זינגען, פלעגט ער זיך אויך אָבשטעלען הערען. ער איז אין דעם אויך געווען פונקט דער הפך פון די לומדים אין זיין צייט, וואָס האָבען אַ זעלכע זאַכען געהאַלטען פאַר נאַרישקייטען, „דברים בטלים", און זיין דאַוונען איז אויך געווען אַנדערש ווי אַלעמענס. ער פלעגט דאַוונען מיט פייער, מיט התפעלות, דאָס פּנים פלעגט איהם ברענען און פלאַמען און די אויגען בלישטשען און פלאַקערן. ער פלעגט אַרבייטען מיט די הענד און מיט׳ן קאָפּ פון גרויס אינעווייניגסטער ריהרונג. זיין „דבקות" און ליעבשאַפט צו גאָט איז געווען אָהן אַ שעור און אָנ׳ערך, און אַזוי גרויס איז אויך געווען זיין ליעבשאַפט צו מענשען. ער האָט אַ יודען קיינמאָל ניט געקאָנט שטראָפען, ווייל ער האָט דעם ערגסטען יודען ליעב געהאַט און געהאַלטען פאַר גאָט׳ס אַקינד. אַלעמען פלעגט ער דן זיין לכף־זכות. אַז ער פלעגט שוין יאָ מוזען שטראָפען דעם עולם, פלעגט ער זיין מוסר איינוויקלען אין אַ משל. זיינע משלים זענען געוואָרען בעריהמט אין דער וועלט און זייער פּאָעטישע שענקייט בעצויבערט אונז נאָך ביז היינטיגען טאָג. לערנען דאָס פאָלק פלעגט ער אָפט אויף דער גאַס, געהענדיג מיט אַ לולקע־ציבוק אין מויל; ווען ער פלעגט בעגעגענען, פלעגט ער אָבשטעלען, זיך אַריינלאָזען מיט איהם אין אַ געשפּרעך און איהם דערצעהלען אַלערליי געשיכטעס, וואָס אין זיי איז געלעגען אַ העכערער רעיון. אַזוינע מיני־געשפּרעכען האָט ער געהאַלטען העכער פון׳ם לערנען. אַז ער האָט אַמאָל געטראָפען אַ למדן, וואָס איז געווען צו שטאַרק פערטיעפט אינ׳ם לערנען, האָט ער אויף איהם געזאָגט: „אַט דער מענש האָט זיך אַזוי פערטיעפט אין זיין לערנען, ביז ער האָט פערגעסען, אַז עס איז דאָ אַ גאָט אויף דער וועלט". דערמיט האָט ער געוואָלט זאָגען, אַז דאָס לערנען צוליעב דעם לערנען אַליין ברענגט דערצו, אַז דער מענש הערט אויף צו קלערען און טראַכטען וועגען העכערע ענינים. אַמאָל איז ער אַריינגעקומען אין אַ שול און האָט געזעהען אַז אַלע, וואָס זיטצען דאָרט, דאַוונען אָהן כוונה אָדער לערנען אָהן העכערע געדאַנקען. ער האָט זיך אָבגעשטעלט ביי דער טהיר און האָט געזאָגט אַז ער קאָן אין שול ניט אַריין, ווייל זי איז פול מיט תורה און תפלות וואָס קאָנען ניט אַרויפגעהען צו גאָט...

מיר האָבען שוין געזעהען, אַז רייך איז דער בעל־שם קיינמאָל ניט געווען. און דאָך פלעגט ער געבען צדקה אָהן אַ שיעור. וואָס עס פלעגט איהם בלייבען פון זיינע קליינע הוצאות פלעגט ער יעדען טאָג צוטהיילען אָרימע לייט. איינמאָל האָט חנה, דעם בעל־שם׳ס ווייב, צוגענומען דאָס געלד, וואָס ער האָט געבראַכט פונ׳ם וועג, און האָט געוואָלט געהען צום קרעמער און איהם ווייזען, אַז היינט קאָן זי אַלסדינג קויפען פאַר מזומן־געלד, ניט אויף באָרג ווי תמיד; נאָר ווי דער בעל־שם האָט זיך דערפון דערוואוסט, האָט ער אָנגעהויבען צו שרייען און חנה האָט געמוזט אַוועקגעבען דאָס געלד, וואָס איז נאָך אין דעמזעלביגען טאָג צוטהיילט געוואָרען פאַר אָרימע לייט.

איינמאָל איז דער בעל־שם געגאַנגען מיט זיין זוהן ר׳ הירש, וואָס איז נאָך דענסטמאָל געווען אַ יונגיל, צום רב פון מעזיבעזש, און זיי האָבען ביי איהם געזעהן אַ סך זילבערנע כלים. צוריקגעהענדיג פרעגט דער בעל־שם זיין זוהן: —

— פערדריעסט דיך, וואָס דיין טאַטע האָט ניט קיין זילבערנע כלים?

— יאָ, ענטפערט דער זוהן גאַנץ איינפאַך.

— ווען דיין טאַטע זאָל האָבען געלד אויף זילבערנע כלים — זאָגט דער בעל־שם — וואָלט ער מיט דעם געלד געשפּייזט אָרימע לייט און דאָס איבעריגע אַוועקגעגעבען אויף צדקה־זאַכען.

פון זיינע תלמידים האָבען מיר שוין דערמאָנט די ברידער ר׳ מ א י ר און ר׳ י צ ח ק־ב ע ר מ ר ג ל י ת, וואָס זענען ביידע געווען גרויסע גאונים. נאָך אַ לאַנגער אינעווייניגסטער מלחמה איז געוואָרען דעם בעל־שם׳ס תלמיד דער רב פון שאַרגאַראַד ר׳ י ע ק ב י ו ס ף, וואָס האָט געלעגט דעם ערשטען פונדאַמענט צו אַ חסידישער ליטעראַטור. אַזוי איז אויך ר׳ אַברהם גרשון קוטאָווער, וואָס האָט אַ לאַנגע צייט נאָר ניט געהאַלטען פון זיין שוואָגער, אויך געוואָרען מיט דער צייט גאַנץ אַנדערש. ר׳ אברהם גרשון האָט געוואהנט אַ לענגערע צייט אין ארץ־ישראל און דער בעל־שם האָט איהם אַהין געשריבען אָפטע און זעהר אינטערעסאַנטע בריף. דער בעל־שם האָט אַליין אויך געקראָגען חשק צו פאָהרען קיין ארץ־ישראל, וואָס איז דענסטמאָל געווען פול מקובלים, וואָרום, אַזוי ווי אַסך אַנדערע, האָט ער אויך געטראַכט צו ברענגען אַ גאולה פאַר זיין לאַנד. אינ׳ם יאָהר 1750 איז זיין ווייב געשטאָרבען. דענסטמאָל האָט ער גענומען זיין טאָכטער (זיין זוהן האָט שוין מעהר ניט געוואהנט מיט איהם צוזאַמען) און זיין שרייבער און איז אַרויסגעפאָהרען קיין ארץ־ישראל. ר׳ אברהם גרשון האָט איהם געשיקט אַ בריעף, ווי ער זאָל זיך פיהרען אין וועג, נאָר דער בריעף איז פערלאָרען געוואָרען. אָהן אַ שום וועגווייזער איז דער בעל־שם געקומען, ווי עס שיינט, ביז קאָנסטאַנטינאָפּעל. עפּיס אַ גרויסע שטערונג, וואָס האָט זיין לעבען געבראַכט אין געפאַהר,

האָט איהם ניט געלאָזט פאָהרען ווייטער און ער האָט זיך געמוזט אומ־קעהרען קיין מעזשיבעש. ווי די חסידישע לעגענדע דריקט זיך זעהר שען אויס, האָט דער בעל־שם געזעהן אין א״ר־ישראל זיין קערפער און זיין גאַנצע געשטאַלט, נאָר זיינע טריט האָט ער דאָרטען ניט געזעהן, דאָס הייסט, ער איז מיט לייב און זעל געווען אין אונזער נאַציאָנאַלען לאַנד, נאָר זיינע פיס האָבען אַהין ניט געקאָנט קומען...

צוריקקעהרענדיג קין מעזיבעזש, הויבט דער בעל־שם אָן צו זוכען א גייסטיגען יורש פון זיין תורה און אַפיהרער פון די חסידים נאָך זיין טויט און ער געפינט איהם. ר׳ בער, דער מעזעריטשער מגיד, איז געווען אַ גרויסער מקובל און פלעגט כסדר פאַסטען, ביז ער איז דערפון קראַנק געוואָרען. מען האָט איהם קוים איינגערעדט, ער זאָל פאָהרען צום בעל־שם, וועלכער וועט איהם געוויס אויסקוריערען, און ווירקליך, דער בעל־שם האָט ניט נור זיין קערפער אויסגעהיילט דורך פערשידענע רפואות, נאָר אויך זיין נשמה דורך זיין תורה, וואָס איז געווען ענטגעגען פאַסטען, ווי מיר האָבען שוין געזעהן. ר׳ בער מעזע־רישטער איז אויף תמיד געבליעבען דעם בעל־שם׳ס געטרייסטער תלמיד און נאָכ׳ן בעש״ט׳ס טויט האָט ער געשפּיעלט די ערשטע ראָלע צווישען די חסידים.

דער בעל־שם איז געוואָרען וואָס א טאָג גרעסער און בעריהמטער. פון נאָהענטע און ווייטע שטעדט פלעגען קומען פיעל פון זיינע פער־עהרער קיין מעזשיבעזש און פלעגען אַבזיטצען ביי א׳הם אין שטוב גאַנצע וואָכען. אין די שטעדט, וואו זיינע חסידים האָבען געוואוינט פלעגט ער מאַכען רבנים, שוחטים, חזנים און מגידים. ער האָט אַפילו אייך פיעל געגנער („מתנגדים״) געהאַט וואָס פלעגען נישט האַלטען פון איהם, קוקענדיג אויף איהם ווי אויף א רמאי און אַן עם־הארץ; איין מאָל האָט מען איהם אַפילו גערופען צו דער גרויסער יודישער אסיפה, וואָס האָט דענסטמאָל געהייסען „ועד־ארבע־ארצות״, און מען האָט איהם דאָרט געוואָלט מבייש זיין און אַרויסשטעלען פאַר א גראָבען יונג. נאָר דאָס אַלי׳ן האָט גאָר ניט געהאָלפען. זיין נאָמען איז געוואָרען גרעסער און גרעטער. דאָס זעהט מען דערפון, וואָס די פולישע רבנים און גאונים האָבען איהם און זיין תלמיד ר׳ יצחק בער מרגלית, צוזאַמען מיט׳ן רב פון לעמבערג ר׳ חיים ראַפּאַפּאָרט, אויסגעקליבען צו דעם גרויסען וכוח מיט די פראַנקיסטען, דאָס הייסט מיט דער סעקטע פון יעקב פראַנק, וועלכע איז געווען ענטגעגען תלמוד, און צוליעב וועלכע דער קאַמעניצער בישאָף דעמבאָווסקי האָט פערברענט אינ׳ם יאָהר 1757 ביז 1000 גמרות. דער וכוח מיט די פראַנקיסטען, אין וועלכען דער בעל־שם האָט געשפּיעלט א גרויסע ראָלע, האָט זיך געצויגען 3 טעג, פון כ״ג ביז כ״ו תמוז 1759, אין דעם לעמבערגער אַרכיקאַטהעדראַלנעם קלויסטער, און האָט זיך געענדיגט זעהר גוט פאַר יודען, דאָס הייסט, מען האָט אויפ־געהערט צו ברענען דעם תלמוד און די פראַנקיסטען האָבען זיך געמוזט טויפען, ווייל אין זייערע טענות געגען דעם תלמוד האָט זיך מעהר און מעהר אַרויסגעשטעלט זייער נאָהענטקייט צום קריסטענטהום. דער בעל־שם האָט געהאַט זעהר פיעל יסורים פון דער גאַנצער מעשה. ער איז געווען אַזוי פול מיט ליעבע אַפילו צו די ערגסטע יודען, אַז, האַטש ער האָט געזעהן די שלעכטע מעשים פון די פראַנקיסטען, האָט איהם דאָך וועה געטהון דאָס האַר׳ן צוצוזעהען ווי אַ טהייל פונ׳ם יודישען פאָלק רייסט זיך אין גאַנצען אַב פונ׳ם יודענטהום. אַז ער האָט זיך דערוואוסט, אַז די פראַנקיסטען האָבען זיך געטויפט, האָט ער געזאָגט: „די שכינה קלאָגט און זאָגט: כל זמן דאָס גליעד איז נאָך צוזאַמען מיט׳ן קערפער, איז נאָך דאָ א האָפענונג, איהם ווי עס איז אויסצוהיילען. אָבער אַז מען שניידט דאָס גליעד אַב. איז עס שוין פערפאַלען אויף אייביג; וואָרום יעדער יוד איז אַ גליעד פון דער שכינה״.

אַזוי גרויס איז געווען זיין ליעבשאַפט אַפילו צו די פושעי־ישראל!

נאָך זיין וכוח מיט די פראַנקיסטען האָט שוין דער בעל־שם ניט לאַנג געלעבט. אום פסח 1760 איז ער שטאַרק קראַנק געוואָרען אויף דעם מאָגען. די תלמידים האָבען געזעהען, אַז ער ווערט פון טאָג צו טאָג אָבגעשוואַכטער, האָבען זיי שוין גאָר ניט געוואָלט אַבפאָהרען פון מע־זשיבעש. די ערשטע נאַכט פון שבועות זענען זיי אַלע א גאַנצע נאַכט אָבגעזעסען נעבען איהם. אויף מאָרגען האָט ער זיי געזאָגט, אַז עס איז געקומען זיין צייט... ביי טאָג זענען די שטאָדט־לייט געקומען איהם מבקר־חולה זיין, און ער האָט, ליעגענדיג אויפ׳ן בעט און זיינע תלמידים אַרום איהם, זיי געזאָגט תורה און זיי ערקלערט זיין שיטה, ווי גאָט צו דיענען. זיין שטימע איז געווען זעהר שוואַך, קוים וואָס מען האָט גע־הערט זיינע ווערטער. ער האָט בעמערקט, ווי אַלע אַרום איהם זענען פערטרויערט און האָט געזאָגט: „וועגען מיר אַליין זאָרג איך נישט, וואָרום איך ווייס קלאָר, אַז איך וועל פון איין טהיר אַרויסגעהן און אין די אַנדערע אַריינגעהן״.

אין עטליכע שעה אַרום איז דער ערשטער גרויסער רבי פון די חסידים נפטר געוואָרען (ז׳ סיון, תק״ך 1760). די לעגענדע דערצעהלט, אַז ביידע זייגערס ביים בעל־שם אין שטוב האָבען זיך אין דערזעלביגער מינוט אָבגעשטעלט...

אָדעסאַ, ר״ח ניסן. יוסף קלויזנער.

---

## נדבה.

פיר די פועלים אין ארץ־ישראל: ה׳ מענדל פאָם קראקא 5 קראָנען.

---

## בריעפקאַסטען דער אַדמיניסטראַציאָן.

אַן ה״ה ח. ביטענסקי, ישראל וואָליאַנסקי, שלמה בערמאַן און אַנדערע:

די אַבאָנענטען וועלכע האָבען אונז אין אַנהייב יאָהר געשיקט 250 אָדער 3 ר״כ זענען ביי אונז פערשריעבען געוואָרען, אַזוי ווי די וועל־כע האָבען געשיקט נור 2 ר״כ, אויף דער ערשטער ראַטע כדי זיי זאָ־לען דעם זכות ניט פערלירען צו האָבען אונזער צייטונג פיר 5 ר״כ אַיאָהר און ניט מוזען צאָהלען פיר 2 האַלבע יאָהרען בעזונדער — 6 ר״כ.

אַזוי האָבען מיר אויך מודיע געווען אין אונזערע מודעות אין דעם „יוד״ נו׳ 12 און 13.

און מיר בעטען דעריבער צוצושיקען די איבריגע צו 5 ר״כ, אום מיר זאָלען קענען גלייך אָנהייבען ווידער שיקען די בלעטער פון נומר 14—15 און ווייטער.

נו׳ 2035 אין בריטשאני: דער פרייז פון „פפלאַנצענלעבען איז 30 ק״פ.

ה׳ נאוואסעלסקי קיעוו: די היסטאָריע קאָסט פיר אונזערע אַבאָנענטען 2.30 מיט פּאָרטאָ.

ה׳ דרויאַן אין ליוצין: דער נו׳ 37 פעהלט; שרייבט וואָס זאָל מען אייך שיקען פיר אייערע 14 ק״פ?

ה׳ פעלדמאַן אין פעטראָווראַווקא: איהר האָט נאָך קיין געלד ניט גע־שיקט און דער נו׳ 14-15 געהערט צום צווייטען פיערטיל יאָהר.

Verlag „Achiasaf". Verantwortlicher Red. M. Berkowicz. — Herausgeber u. Buchdruckerei Josef Fischer Krakau

# געזעללשאפט „כרמל“ ווארשא

## אבטהיילונג אין אדעססא.

---

אויסשליסליכער פערקויף פיר גאנץ רוסלאנד פון נאטירליכען ווייז און קאניאק




דער עטיקעט איז בעשטעטיגט פון דער רוסישער רעגירונג

ווערכע ווערען אויסגעארבייט אין

## באראן ראטהשילדס

ווייינקעלערן

אין די

## יודישע קאלאניעס

פון

# ארץ ישראל



די מארקע איז בעשטעטיגט פון דער רוסישער רעגירונג.




גאלד-מעדאל פאריז 1900

אלע וויינען און קאניאקען פון „כרמל“ (אויסער ווערמוטה) זענען כשר אויף פסח און עס איז אבגעשיידט פון זיי תרומות און מעשרות כדין וכדת.

אונזערע וויינען און קאניאקען איז צו בעקומען אין אלע גרויסע וויינהאנדלונגען אין גאנץ רוסלאנד.

---

כדי צו בעווארנען כרמל-וויין און קאניאקען פון נאכגעפעלשטע, פערקויפען מיר אונזערע וויינען און קאניאקען נור אין פלעשער פערזיגעלט מיט אונזער סטעמפעל און פערקניפט מיט דער פלאמבע פון „כרמל“.

אדרעס פיר בריעף: Одесса אדער Товарищество „Кармелъ“ Варшава

אדרעס פיר דעפעשען: Одесса אדער Кармелъ Варшава

צום אדרעסער ראיאן געהערען די גובערניעס: הערסאן, קישיניעוו, יעקאטערינאסלאוו, פאראלסק, קיעוו, חארקאוו, פאלטאווא, סמאלענסק, מא-הילעוו, צערניגאוו, ארעל, קורסק, ק״ים און קאווקאז.

---

## L'ECHO SIONISTE

(2-e année)

**Seul organe sioniste paraissant en langue française le 5 et le 20 de chaque mois**

Administrateur: Dr. ADOLPHE RASKINE.

Adresser lettre chargées à M. le Dr. Adolphe Raskine, 110, Boulevard Arago, Paris. XVI[e]

**Prix d'abonnement:** un an 4 roubles ou 10 francs, Six mois 2 roubles ou 6 francs. La Rédaction n'accepte pas de timbres poste.

La Collection complète de la prémiere année de **l'Echo Sioniste** est en vente au prix de 5 francs.

**Administrateur: Dr. A. RASKINE.**

---

## ПАРОВАЯ ТИПОЛИТОГРАФІЯ

Ш. М. Волобринскаго

ВЪ БѢЛОСТОКѢ.

Имѣетъ опытнаго управляющаго, специалиста по печатному дѣлу.

---

# OST UND WEST




Preis halbjährlich für Deutschland und Oesterreich-Ungarn M. 3.50, Ausland M. 4 —
(Franco-Zustellung)
Zu beziehen durch die Buchhandlungen oder vom Verlage:
**S. CALVARY & Co., Berlin, NW. 7. Neue Wilhelmstrasse 7.**
und auch durch Verlag „ACHIASAF“, Warschau.